# מײנע הענט האָבּען פאַרגאָסען דאָס דאָזיגע בלוט

וועגען ביכער און טעאַטער

משה נאדיר

פאַרלאַג „װערבע"
ניו יאָרק, 1919.

# די מענשליכע נאַטור

אַ בוך מיט אַ מאַסע באַלעהרענדען לעזע־שטאָף, אַרויסגעגעבען פון דער גאָטהייט. זעלבסטפאַרלאַג.

שרייב איך מיר קריטיק.

דער רעדאַקטאָר פון אַ געוויסען וואָכענבלאַט איז געווען פריינטליך גענוג מיר אָנצובאָטען די ארבייט.

איך האָב עס אָנגענומען. נישט ווייל איך דאַרף דאָס געלד — איך בין אַ וואוילהאבענדער מענש! נאָר ווייל עס איז ביי מיר אַ פאַרגניגען צו רואינירען די קאַריערע פון אונשולדיגע מענשען, ווייל עס איז ביי מיר אַ בלוטיג פאַרגניגען צו זעהן ווי אזוי שריפטשטעלער וואָס האַלטען ביים אַרויסגעבען ביכער, ווערען פריינטליכער צו מיר פון וואָך צו וואָך. וואָס נעהענטער עס קומט צום טאָג פון דעם ערשיינען פון זייער ווערק, אַלץ צוגעלאָזענער ווערען זיי צו מיר, אַלץ העפליכער, אַלץ מעהר דריקען זיי אויס זייער גלויבען אין מיין טאַלאַנט, אַלץ מעהר זענען זיי איבערצייגט, אַז מיט מיר וועט נאָך אַמאָל קלינגען די וועלט. אזוי זאָל זיי גאָט העלפען, ווי זיי מיינען עס מיט׳ן גאַנצען האַרץ.

איך בין אַ קריטיקער, אַ שריפטשטעלער. איך קום כמעט אַלע טאָג אין דער שרייבערשער קאַפע, טרינק סעלערי־וואַסער, קוק אויף מיין שטרוי־הוט וואָס הענגט אויפ׳ן וואַנט אַביסעל צו ו ו י י ט פון מיר און איך דריק מיך אויס, אַז מיר לעבען אין אַ גרויסער צייט. קעלנער צאָהלען!

מיינע פארגניגענס זענען וועניג אָבער קאָמפּליצירט. איך האָב ליעב צו זעהען מיין בילד געדרוקט אונטער מיין נאָמען מיט בוימלעך פוןביידע זייטען. אמאָל קומט ארויס א קליינער פלעק אויפ'ן שטערען פון מיין בילד, ווייל די דרוק־פּרעסען ארבייטען נישט אלע מאָל ווי עס דארף צו זיין. דעמאָלט ערגער איך מיך שרעקליך. אין אזא טאָג ווייסען שוין אלע מיינע הויז־מענשען, אז איך בין אין אן אויפגערעגטען צושטאנד און זיי כאַפּען אוועק די טעלער פון'ם טיש, איידער איך קאָן זיי דערגרייכען; כאַפּען ארונטער ס'שטיינגעל מיט'ן געלען קאנארעק און באהאלטען איהם אונטער'ן בעט — איך זאָל איהם נישט דערוואָרגען.

— — — אָבער נאָך מעהר ווי מיין בילד האָב איך ליעב צו הערען ווי מען לייענט מיינע שריפטען אין דער הויך. דעמאָלט שטעה איך ביים טיש און קוק כלומרשט אין שפּיגעל צו זעהן צי מיין קראוואט שלאָפט אויף זיין רעגעלמעסיג אָרט. אָבער אין דער אמת'ן, קלאַפּט מיר די נשמה שטאַרקער ווי תמיד, א הארצרוימקייט פלאַמט מיר ארויף צו די באַקען, און אז איך הער ווי מען לייענט מיי־נע ווערטער, דוכט זיך מיר אז איך רעד דאָס צו זיך אליין מיט א פרעמד קול, וואָס איז אזוי אונערהערט־מעלאָדיש. און יעדער וואָרט איז א ז ו י קלוג, אז ס'איז צו שטוינען, ווי אזוי א י י ן (1) מענש אליין האָט דאָס געקאָנט אויסטראכטען.

איך האָב אויך א נ ד ע ר ע פּארגניגענס. זיי זע־נען וועניג קולטורעל, אָבער מענשליך. טיף מענשליך. כמעט יעדע נאכט, אז כ'האָב צייט, אז איך בין נישט פארנומען מיט באוואונדערען די נאטור, ספּעציעל פאר דעם הערר וויינציגער'ס זשורנאל, געה איך מיר אוועק אין די פילמבילדער און פאר געצעהלטע צעהן סענט האָב איך דאָס גליק צו זעהן, ווי צעהנדליגע מענשען ווערען דערשאָסען פ א ר מ י י נ ע א ו י ג ע ן, און ווי אנדערע שוועבען גלאט אזוי צווישען לעבען און טויט,

בשעת איך זיץ מיר אין דער קיהל, מיט דעם אויסגע־שטערנטטען הימעל איבער מיין קאָפּ, און איך טראכט מיר אזוינע לופטיגע געדאנקען!

איך האָב אויך געוויסע פארגניגענס, וועלכע מענשען רעכענען פאר ג י י ס ט י ג ע. איינס פאָון אָטאָדי־אָ פארגניגענס איז דאָס פארגניגען פון רעטען די מענש־הייט. כמעט יעדען טאָג רעטע איך די מענשהייט עטליכע מאָל. פאראכטאָגען מאָנטאג האָב איך געגעבען פינף סענט צום רויטען קרייץ און דערמיט געראטעוועט מיליאָ־נען מענשען פון שרעקליכע יסורים. דינסטאָג האָב איך געגעבען פינף סענט פאר דער תלמוד־תורה און געראטע־וועט טויזענדער אידישע קינדער פון דער געפאהר וואָס לויערט אויף זיי אין די קריסטליכע שולען. מיטוואך האָב איך געקויפט א שקארמיץ פאפקאָרן פאר פינף סענט און זיך אליין געראטעוועט פון א זיכערען הונגער־טויט.

אָבער נישט אלעמאָל איז ש ט ע ק ־ ש י ך ־ צ י י ט אפילו ביי א ליטעראט. דאָס לעבען האָט אויך זיין ערנ־סטע זייט, זיין מעמענטאָ מאָרי. טרעפט אמאָל, אז איך אליין ווער באשריבען אין די צייטונגען, מיינע שוואכקיי־טען ווערען אָנגענומען ביי קאָפּ־און־פיס און געטראָגען אויף די פּלייצעס פון מיינע קאָנקורענטען איבער'ן מארק צו דער הינטערגאס ארונטער און פון דאָרטען צוריק אין מארק־אריין, כדי אלע זאָלען זעהן און זיך אראָפּנעמען א מוסר.

דער שרייבער ווערט באשריבען, דער קריטיקער ווערט קריטיקירט, און די נקמה איז זיס, וואָס זיסער קאן גאר־נישט זיין. און אז איך קום אהיים פון מיין שרייב־פעלד, מיט דער פעדער־קאָסע אין האנד, אָנגעברענט פון דער זון פון פּאָפּולאריטעט, און מיעד פון מיין אייגענער גרויסקייט, דעמאָלט קומט מיר אנטקעגען מיין דיענסט און זאָגט מיר, אין א פרעכען טאָן, אז מיר וועלען היינט נישט האָבען קיין האָבערקיכלעך צום נאכטמאָהל, און אז מיינע העמדער מיט די ווייכע קראגענס, וואָס זיינען אזוי

בעקוועם אין די הייסע טעג, זענען נאָך נישט אויסגע־
פּרעסט. עס דויערט נישט לאַנג און איך געפין אויס, אַז
מיין דיענסטמיידעל האָט געלעזען די קריטיק איבער מיר,
וואו מען זידעלט מיך מיט די ערגסטע ווערטער און
דאריבער רעדט זי צו מיר אזוי פּרעך, אזוי באַליידיגענד.

און אַט אזוי געהט זיך דאָס לעבען: אמאָל א
ש ו ו א כ ע ר ע ר פּאַראַגראַף. אמאָל א ש ט א ר ק ע־
ר ע ר. ווי אין א ק ר י ט י ק. אמאָל געלינגט עס
און אמאָל געלינגט עס נישט. ווען עס געלינגט נישט,
טוט עס מ י ר א ל י י ן וועה; ווען עס געלינגט, טוט
עס וועה י ע נ ע ם.

ווי געזאָגט: דאָס לעבען געהט זיין געוועהנליכען
אָדער אונגעוועהנליכען גאַנג, אָבער געהן געהט עס! די
זון קומט ארויס אַלע טאָג א ו י פ ס נ י י און די היינ־
טיגע נאַכט טויג שוין נישט אויף מאָרגען, זי איז שוין
אָפּגענוצט. מאָרגען דאַרף מען שוין א שפּאָגעל נייע נאַכט,
פּונקט ווי איך מוז אין קומענדען נומער פון דעמדאָזיגען
בלאַט האָבען א נייעם „בוך־איין — בוך־אויס“.

— — — בין איך מיר א גאָט פון קריטיק. א קליין
גאָטעל, אָבער א טומעלדיגס! ווייל אַלצדינג אין לעבען
האָט א גאָט. און אז דער גאָט פון געבראָטענע פינאַטס
דערהערט אז דער גאָט פון וואַנילאַ־אייז־קרים־סאָדאַ,
האָט געוואונען א זיעג איבער דער געטין פון שאָקאָלאַד־
פראַפּע, ווערט ער אייפערזיכטיג ווי אָטהעלאָ, און רופט
צו הילף אַלע גייסטער פון די פייוו־ענד־טען־סענטס־
ביזנעס.

בין איך, אַלזא, א גאָט און א מענש. ביידע זאַכען
אויף אמאָל. איך שטאַרב צוליעב דעם, אז מיין אונ־
שטערבליכקייט זאָל ל ע ב ע ן, און איך ווער אונ־
שטערבליך אין דער מינוט פון מיין טויט. און אזוי ווי
איך בין זעהר א קלוגער מענש (ווי איך האָב דאָס שוין
פריהער באמערקט!) דאריבער טו איך אַלצדינג וואס
איך קען, כדי צו באַקומען א נאָמען, און אויב מעגליך

אַ מעדאַל, פאַר מיין פאַטערלאַנד, פאַר וועלכען איך קעמפף אזוי ריעזיג. איך בין, נעמליך, א גרויסער פאַטריאָט. איך גלויב אז יעדער פאָלק איז דאָס בעסטע פאָלק אין דער וועלט. נאָר מיינס איז דאָס  ב ע ס ט ע  פון אלע. און אז מיר ווערט נמאס די באַנאַליטעט פון די ווערטער: 1) פאַטערלאַנד, 2) פאַטריאָט, 3) קעמפּער, בייט איך זיי איבער אויף די ווערטער: 1) שוועבעלזאפט, 2) שטרוקס, 3) פּישפּושער, און איך זאָג — כמעט דאָסזעלבע וואָס אלע שטרוקסען זאָגען, — נור מיט אַנדערע רייד: „שטרוקסען" זאָג איך „פּישפּושערט", פאַר אייער שוועבעלזאפט. יעדער אמת'ער „שטרוקס", זאָג איך, מוז פּישפּושערען פאַר זיין שוועבעלזאפט. „דער וואָס פּישפּושערט נישט פאַר זיין שוועבעלזאפט" — זאָג איך, — „איז נישט קיין אמת'ער שטרוקס".

און אָט־אזוי־אָ, האָב איך מיר מיינע פאַרגניגענס, מיין אַרבייט, מיין שפּילעריי, און קיין זאַך געהט ביי מיר נישט פאַרלוירען. איך האָב אַ נאָטיץ־ביכעל. פאַרשרייב איך מיינע טיפּע ליידען און — איך לעב פון זיי.

און מיין פאַך איז אַ גוט פאַך. ס'איז גרינג. זויבער. די אַרבייט איז א שטענדיגע, און די צאָהל פון פּערזענליכע שונאים וואַקסט פון וואָך צו וואָך. און זייערע רייהען פאַרמעהרען זיך, ווערען מעכטיגער און עס איז פאַראַן אַ געפאַהר, אַז זיי וועלען זיך אַרגאַניזירען אין א קערפּערשאַפט און — ווער וועט פאַרזאָרגען מיינע קינדער? ווער וועט זיי שפּייזען? ווער וועט אכטונג געבען, אז זיי זאָלען זיך אַלע טאָג וואַשען די אויערען, פאַרקעמען, אויספּלעכטען צעפּ? אויף גאָט קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזען.

דערווייל אָבער בין איך פאַרנומען מיט קריטיק. און דאָס לעבען איז אזוי אונפאַרשעמט קורץ. און מען מוז זיין שפּאַרזאַם מיט דער צייט, מען מוז עקאָנאָמיזירען די ליעבע, דעם האַס, די סימפּאַטי, עטצעטרא. און אזוי ווי  אַ ל ע  מיטעלמעסיגקייטען פון דער וועלט קען איך

נישט פיינט האבען, האב איך פיינט מ. ב. און אזוי ווי אלע טאלאנטען פון דער גאנצער וועלט קען איך ניט ליעב האבען, האב איך ליעב אברהם רייזען, שלום אש, און ראלניק'ען. און אזוי ווי צו אלע אנגעבלאזענקייטען קען איך נישט זיין פיינדליך, בין איך פיינדליך צו אפאַ־טאשו'ן. און אזוי ווי איך האב נישט קיין צייט צו זיין גלייכגילטיג צו אלע עהרליכע מענשען, בין איך גלייכגילטיג צו ח. מיניקעס.

נו, איז נישט די מענשליכע נאטור — בין איך נישט א וואונדערבאר בוך, מיינע הערדען? לעזט מיך! איהר וועט א סך לערנען דערפון.

# מענדעלי מוכר ספרים

מענדעלי — דאָס איז דער גלייכער וועג, וואָס ציהט זיך אהין־אהין, אייביג־אהין, שטענדיג־אהין. — דער וועג צו די אלטע דורות, דער וועג צום אייביגען קוואל פון אונזער געשיכטע, דער הויכוועג און ווייט־וועג און טיף־וועג צו דער פארגאנגענער אייביגקייט, וועלכע באַשאפט זיך אויפ׳ס ניי איטליכע מינוט פון אונזער לעבען.

מ׳דארף נישט פארגעסען: מענדעלי איז באנאל. די יוגענד איז עס נ י ש ט. הייגע איז באנאל — פריינד איפּסעלאָן נ י ש ט. געטהע איז באנאל, טהעקערי איז באנאל, דיקענס איז באנאל, גאָגאָל איז באנאל — אלע גרויסע דיכטער און קינסטלער זענען פארבאנאליזירט געוואָרען פון ד ר ו י ס ע ן. מ׳האָט זיי איבערגעשריבען און נאָכגעשריבען און מיטגעשריבען אזוי לאנג, ביז וואנען זיי זענען געוואָרען אזוי שאבלאָן, ווי לבנה־און־שטערען, ליליען און רויזען, טוי און נאכטיגאלען.

ליליען זענען וואונדערליך שעהן. רויזען? — איך געה אוים נאָך רויזען, איך שטארב נאָך זיי. לבנה, דו בלייכע לבנה, דו אומעטיגע, ווי איך האָב דיך ליעב! און פונדעסטוועגען היט איך מיך ווי איך־ווייס־אליין־נישט־וואָס, אז איך זאָל מיך חלילה נישט ארויסכאפּען מיט אזא באנאל וואָרט ווי לבנה־שטראלען, אָדער ליליענפינגער, אָדער עהנליכע שעהנע זאכען.

די עטליכע פאראינגעלשטע יונגע — די וואָס פאַר־קינדישען אונזער שעהן־ליטעראטור, זענען נישט שטארק

פארליעבט אין מענדעלי, ווייל ער איז נישט נ י י. נו, פארשטעהט זיך. זיי זענען נ י י ע ר — ווע׳לען אייביג ב ל י י ב ע ן ניי, גלאנציג מיט פערעלדינען שוויים־גלאנץ. זייערע ווערק וועלען קיינמאל נישט אבגענוצט ווערען פון צופיעל געברויך, וועלען קיינמאל נישט האבען אויף זיך דעם הייליגען שטויב פון אלטקייט, פון געשיכט־ליכקייט. נאראנים עלטערען זיך נישט. זיי האלטען זיך תמיד אין דער מאדע. און ווען די מאדע איז צו זיין טראגיש און גאטזוכענדיג, און ערדעל־פיין, און אומעטיג — טוט מען עס. דער וואס האט נישט קיין אייגענע פערזענליכקייט קאן אננעמען אלערליי פאזען און זשעס־טען; און אז די נוצען זיך אפ, נעמט ער אן אנדערע, נייערע, פיינערע, באקוועמערע. וואס פאר א דאגה האט ער!

מענדעלי איז, פארשטעהט זיך, אלט. אבער אין זיין צייט, איז ער געווען יונגער, פייערדיגער, רעוואלוציאנע־רער ווי א סך פון אונזערע יונגע. מנדעלי לאכט פון אלטקייט ווי נאר איינער! מענדעלי שפעט־אפ פון די וואס גלויבען, אז יענער איז געווען פאר מיר, דערפאר איז ער מסתמא געווען קלוגער. מענדעלע לאכט פון די אמאליגע „אלטע" וואס פלעגען זינגען פון „אינדען וואס טוען צעברעכען זייער דארשט" און „וואס שפיעלען און שאלען א לויב ליעד דער געליעבטער כלה". פון די וואס שרייבען „א הארבען אץ־קוציץ־לשון און אידען זענען זיך מחיה, ווייל ס'איז אונמעגליך צו פארשטעהן".

מענדעלי'ס פאעזיע איז נישט קיין אויסגעדיכטערטע, פון ביכער ארויסגעלערענטע, ווערטערדיגע. מענדעלי'ס פאעזיע איז רויהע פאעזיע — נישט געפאלירט און נישט געקינסטעלט, נאר ווי זי קומט פון דעם אידישען לעבען ארויס. מענדעלי'ס פידעלשפיעל, איז לויטער פיעדעל־שפיעל אהן די קונצען פון מאכען מיט די פינגער, פוןווארפען מיט'ן קאפ פון חן וועגען.

מענדעלי מאכט אליין זיין פידעל — זיין געצייג. און

אויב אפילו זיין ליעד איז אמאָל נישט אזוי הויך אינטע־רעסאַנט, איז אָבער דער פידעל שטענדיג ציטערדיג, שטענדיג קלאָגענדיג, און — ווי אין יענער לעגענדע פון דעם פידעל וואָס מ׳האָט געלייגט אויפ׳ן קבר פון א דער־הרג׳עטען פּרינץ — שפּילט ער פון זיך אליין. און ער באוויינט און באקלאָגט דעם געשטאָרבענעם פּרינץ — דאָס פּ ר י נ צ ל י כ ע. דאָס פאַרגאַנגענע.

מענדעלע, דער נישט־דאָס־בין־איך־אויסען־מענטש, איז שטענדיג עפּעס אויסען. זיין נישט־אויסען־זיין איז בלויז א לשון סגי־נהור, אַן אָנשטעל. מענדעלי איז דער א ו י ס ע נ ד י ג ס ט ע ר פון אלע אידישע שרייבער. אפשר שוין אביסעל צ ו פ י ע ל אויסען. אָבער ווער קאָן זאָגען צום דעמב „אזוי זאָלסטו וואקסען״? ווער קאָן קאָן פאַרשרייבען מענדעלי׳ן זיין וועג, זיין מאניר, זיין סטיל?

מענדעלי׳ס כתבים זענען געשריבען פאר תלמוד׳ישע מענשען, פאר מענשען וואָס ל ע ר נ ע ן — נישט פאר אזוינע וואס ל י י ע נ ע ן. מען דארף לערנען א קאַ־פּיטעל מענדעלי, ווי מ׳דארף לערנען א פּרשי רש׳י אָדער תוספות. מענדעלי באשרייבט נישט דעם איד, נאָר דאָס אידישקייט, נישט די וועלט, נאָר דאָס וועלטליכע. מענדעלי זאָגט וועגען סענדערל׳ען, אז עס האָט איהם גע־צויגען אהין, אהין דאָרט אין ווייטע מקומות אריין. ד אָ ס ה א ר ץ ה אָ ט ז י ך א י ן א י ה ם ג ע־צ ו י ג ע ן א ז ו י ו ו י ק ל י י נ ע ק י נ ד ע ר צ י ה ע ן ז י ך מ י ט ד י ה ע נ ט ל ע ך ק ע ג ע ן ד ע ר ל ב נ ה. זעהט איהר שוין: קינדערלעך מיט בלינדע אויגען בענקען נאָך דער לבנה — נישט נאָר ביי אונזער יונגסטען, נאָר אפילו ביי אונזער זיידען. נאָר דער זיידע זאָגט עס שענער, פיינער, אמת׳דיגער. ביי מענ־דעלי׳ן אז די זון געהט־אויף, קוקט זי אראָפּ מיט איהר ליכטיג פּנים. איין קוק איהרער האָט מחיה געווען איט־ליכע זאך באזונדער. ביימער און גראָזען האָבען ווי זיס געשמייכעלט איידער די גרויסע טרערען טוי פון ביינאכט

זענען ווי אויסגעטריקענט. אקוראט ווי קינדער צעלאכען זיך פלוצים אין מיטען א געוויין".

און מענדעלי'ס הומאָר. ווי ערדלשעהן איז ער, ווי טיעף, ווי גרויסשטריכיג! די בלאַטע אין גלופסק איז ביי איהם אזוי שיטער און טיעף, אז אפילו א הויכגעוואקסענער מענש, מוז זיך פארשפריצען ס'היטעל. דאָס וואסער פון דעם אידישען טייך פיאטיגנילייווקע איז אזוי גערוכט, אז בנימין לייגט זיך אָן דערמיט פולע קעשענעס און הייסט סענדערל'ן זיך מאַכען דערפון א פעקעל. מענדעלי באשרייבט די אידישע הייזער, ווי זיי שטעהען עפעס ווי אָנגע'ברויגז'ט איינס אויף דאָס אנדערע. שטעהסט דו ארויסגערוקט, זאָגט איין הויז, שטעה איך מיר דוקא ארייגגערוקט. שטעהסט דו מיט'ן דרעבעל א ר אָ פּ, שטעה איך מיט'ן דרעבעל ארויף.

מענדעלי'ס גרויסקייט איז פון יענעם סאָרט וואָס דערוויייטערט אביסעל, וואָס פארפרעמדט, וואָס שטעלט אוועק א ווייטע גרעניץ צווישען אייך און זיינע באשאפענע געשטאלטען. ער גיט אייך דאָס בילד און ד י ד י ס ט א נ ץ, כדי איהר זאָלט קאָנען זעהען זיינע נישט ליעבע מענשען אין דעם ווייכערען ליכט פון פארגעבונג, אין דעם מאט־ליכט פון פארגאנגענקייט, פון עפעס וואָס איז ווי א גראָהער פלעק געבליבען אויף די בלעטער פון אונזער לעבען.

מענדעלי איז געדאנקליך, אָבער נישט דענקעריש. מענדעלי איז א חכם, אָבער ער חכמה'ט זיך נישט. ער שטראָפט און שילט. ער שמייכעלט און גלעט, ער גיפטיגט און היילט, אָבער דאָס אלצדינג ווערט געהייליגט אין די טיעפע פייערען פון ליעבשאפט און געטריישאפט. מענדעלי שרייבט און ערגערט זיך. ער שרייבט און סע טוט איהם וועה. ער שרייבט און פרעהט זיך, ער שרייבט און שפיעלט א ליעבע מיט דאָס געשריעבענע, און די ווערטער זענען רונד און פערלדיג, און בעטען זיך: שרייבט מיך אויף אויף פארמעט, ווייל איך בין אייער היילינע שריפט,

ווייל איך בין דאָס פארגאַנגענע אידישע לעבען, וואָס קעהרט זיך מעהר נישט אום. מענדעלי'ן מעהר ווי וואָסער־עס־איז אַנדערען אידישען שרייבער — איז געלונ־גען פעסטצוהאַלטען די פארמען פונ'ם פארגעהענדיגען דור, פון דעם אַלטען דור, וואָס האָט געליטען פון בעלי־טאַקסע און פיינע בריות. ער איז אַ חוץ דער גרויסער אי־דישער שריפטשטעלער, מיט אַלע זיעבען חן'ען פון אמת־ער אידישקייט, אויך דער געשיכטע־שרייבער, דער פאר־צייכענער פון אידישע מנהגים, פון אידישע גענג, פון אידישע צרות־און־נחת, ער איז דער עקספאָנענט פון דער אידישער נשמה, ווי זי האָט זיך ענטפלעקט אין די פאר־שאָלטענע יאָהרען פון איהר גלות.

מיר, די היינטיגע, די נייערע האָבען געמאכט א פעטיש, אַן אָפּגעטץ פון אונזער אייגענעם טראגיזם. מיר דיענען צום בלאָה־בלייכען גאָט פון מעלאַנכאָליע און צער, מיר וואלגערען זיך אין אַ פעטען אומעט און מיר ווע־רען דערפון געזונט. מיר פרעסען דעם זעלבסט־שמערץ מיט גרויסע לעפעל, און דאָס פארשארפט אונזער ליידי־גען אַפּעטיט צום לעבען. אונזערע טרערען זענען פיש־אויל פאר אונזער געמיט. מיר שטעהען פאר'ן שפיגעל און מיר מעסטען זיך אָן די וואונדערבארע פּאָזע פון א רע־וואָלווער לעבען דער שלייף. מיר זענען יונג און אויסגע־לעבט און פארקרימט, און גאַרנישטוועלענדיג. מיר בלאָנדזשען ארום און מיר זוכען נישט. מיר האָבען גאָר־נישט און מיר ווייסען נישט ווי אַזוי עפּעס צו ווע־לען.

מענדעלי איז געוועזן דער נבאי, מיר זענען די בייזע נבואה. מיר שפּיעלען און פארשפּיעלען זיך מיט אַלערליי נארישקייטען, מיר זינגען מיט גאָלדענע צווייטען און מיר טראַכטען מיט זילבערנע פליטערלעך. מיר האלטען אָפען אַלע טהירען פון אונזער געמיט, אָבער וואָס קאָנען מיר זעהען דאָרט־אינעווייניג?

מענדעלי איז געוועזן דער יונגער, דער יוגענדליכער,

דער מענש מיט א וואונש און א ציעל. לאמטערען און וואנדערשטעקען אין האנט, איז דער זיידע געקראכען איבער די בלאטעס פון גלופסק און טונעיאדיווקע, געשאל־טען און זיך געבייזערט, און כסדר האט ער געהאלטען ס׳אויער צו דר׳ערד, צו קומט שוין נישט אפשר דער פאר־שפעטינטער משיח, און אפשר קאן מען איהם אונטעראיי־לען. ער האט געזעהען דאס טראגישע פון אונזער לעבען. ער האט זיך דערביי פארטראכט. ער האט געזעהען ווי גרויס גאטס וועלט איז און ער האט געטריבען דאס פאלק ישראל מיט בייטשען ארויסצוגעהן אויף דער וועלט, און זיין מיט מענשען גלייך. ער האט געוואלט אז אידען זאלען זיין „מיט מענשען גלייך״; — מיר גלויבען בכלל נישט זעהר שטארק אין מענשען. ער האט געמיינט, אז א איד דארף זיך נאר גוט ארומזייפען, ארהאפווארפען ס׳שטריימעל, ווערען א זשענטעלמאן און ער איז געראַ־טעוועט — מיר גלויבען אז ס׳איז נאר קיין רעטונג נישטא פאר דעם לעבען, און אז אזוי צו אזוי, ציהט אלץ אונזער הארץ אהין־אהין, אזוי ווי קליינע קינדער ציהען זיך מיט די הענטלעך צו דער לבנה.

# יהואָש

„פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק".
פאַרלאַג: היברו פּאָבלישינג קאָ.

איז ער געפאָהרען, אונזער ליעבהארציגער יהואש, „פון ניו יאָרק ביז רחובות און צ ו ר י ק". דאר'ין איז יהואש געגליכען צו דער צווייטער עוועניו. די צווייטע עוועניו, ווי אלע וויסען, געהט אויך א ה י ן און צ ו ר י ק. כמעט אלע געסען (ווי אלע בעסערע דענקער) געהען אהין און צוריק. די גאנצע געאָגראַפישע לאגע פון אמעריקא געהט אהין און צוריק. און ווען זי איז שוין געקומען צוריק, הויבט זי ערשט אָן געהן צוריק א ה י ן, און דאן ווידער צוריק א ה ע ר און דאן ווידער א ה י ן, און דאן ווידער צוריק.

מילא, עס איז שפּעט און מיר דארפען נאָך היינט דענקען פארשידענע געדאנקען. אקוראט זעקס א זייגער. אז מע'ט דערלעבען מיט געזונט, וועלען מיר, צום בייישפּיעל, טראכטען דעם פאָלגענדען געדאנק: יהואש איז זעהר א וואוילער, זעהר א געדאנקליכער דיכטער און אלס מענש באליעבט ביי אלעמען. ביי אונז אויך. אָבער ווען סע קומט צו רייזע־באשרייבונגען — און אידען זענען דאָך דאָס ר י י ז ע נ ד ס ט ע פאָלק אויף דער וועלט! — פארלאנג איך, אז דאָס וואָס א וואנדערער האָט צו דערצעהלען, זאָל זיין עפּעס מעהר ווי די פּאָפּולער־בעדעקער'שע רייזע־אינפארמאציע דורכגעפלאָכטען מיט פיין־מליצה'דיגע, קלוגע אנעקדאָטען פון דעם סאָרט

וואס הויבען זיך געוועגליך אָן מיט די ווערטער: „דאָס דערמאָנט מיך גראָד אין א געשיכטע“.

„פון ניו יאָרק ביז רחובות און צוריק“ איז א רייזע־באשרייבונג פון א רייזע באשרייבער. נישט פון קיין מענש וואָס פאָהרט ארוים אויף דער וועלט, און פאָה־רענדיג זעהט ער, און זעהענדיג פארגעסט ער אז ער איז געבוירען געוואָרען צו שריפטשטעלערען, און ער עפענט אויף אלע פענסטער פון זיין נשמה און די בלויגאָלדיגע לופט פון רייזע־אוואנטיורען בלאָזט אריין און ארוים, אהין און צוריק. מילד און לינד, און נישט פארשטענדליך ווי דאָס שעהנסטע פון לעבען.

ניין, יהואש פארשטעהט אלצדינג. ביי איהם איז אלצדינג אזוי העל, אזוי ווייס, אזוי נישט־פארשאָטענט. ער פאָהרט און שרייבט — ער שרייבט און פ אָ ה ר ט. ער פאָהרט שרייבענדיג און שרייבט פאָהרענדיג, און אלצדינג וואָס ער באשרייבט איז אזוי קינסטלעריש־גענוי־אויף־א־האָר, אזוי איך־גיב־דיר־עס־איבע׳רדיג!

* * *

יהואש׳ס רייזעבאשרייבונג איז דורכגעזאָפּט מיט זונענשיין און בלוי־הימעלדיקייט. נאָך איידער ער האָט פארלאָזען ניו יאָרק האָט ער שוין ביי זיך אין געדאנקען אָנגערופען ארץ ישראל „דאָס לאנד פון זונענשיין“. דאָס גאַנצע בוך טריפט מיט זונענשיין און לבנה־שטראַלען. עס איז א ליכטיג בוך. עס איז צייטענווייז, אזוי ליכטיג אז עס שטעכט די אויגען. ס׳איז א גאָלדענער זייגער, באַ־גאָסען מיט געמאָלענעם גינגאָלד און באַשאָטען מיט די־מענטשטויב און איינגעטונקען אין רובינען־זאַפט. עס איז א יובעליר געשעפט, וואָס באשטעהט פון לויטער שויפענסטער. און יעדער שויפענסטער האָט זיבען גאָל־דענע שויבען, און יעדער גאָלדענע שויב האָט זיבען דימענטען, און יעדער דימענט האָט זיבען סמאראגדען, און יעדער סמאראגד האָט זיבען זונען און פון יעדער זון

גיסען זיך גאנצע „טונען מיט בורשטיין“, וועלכע דער־מאָנען אן א זונגעקושטען זונענאונטערגאנג.

איך האָב געלעזען — ש ט א ר ק געלעזען! — דאָס ערשטע בוך „פון ניו יאָרק ביז רחובות“ און איך בין געווען איבערראשט פון יהואש'ס כח צו באָאבאכטען. ער באָאבאכטעט בייטאָג און ער באָאבאכטעט ביינאכט. און ווען איהר זאָלט איהם אויפוועקען 2.30 פארטאָג און א זאָג טון: י ה ו א ש, ד י װ ע ל ט ג ע ה ט א ו נ ט ע ר! וועט ער גלייך אָנטון די ברילען און נע־מען באָאבאכטען דעם זעלטענעם וועלט־אונטערגאנג, און דערנאָך וועט ער איהם באשרייבען אין א בוך, מיט קאַ־פיטלען, און יעדער קאַפיטעל וועט זיין באוואכט פון צוויי ליעדער — איינס פון פאָרענט און איינס פון הינטען. זאָל איהם גאָט נישט שטראָפען דערפאַר!

יהואש דער באָאבאכטער און דער דענקער! — איך למשל, פאָהר אויף א וועליסאָפעד און דענק. איך ראזיר מיך און דענק, איך ערקלער זיך אין ליעבע און דענק. איך בין נישט קיין דענקער, פארשטעהט איהר, דערפאַר מאַך איך נישט קיין וועזען פון דענקען. אָבער יהואש ד ע נ ק ע ר ט דורכאויס און פאָלשטענדיג און אהין און צוריק. דאריבער: נעמט ער א יעדער וואָרט און צעשפּאַלט עס אויף צווייען און לייגט אריין אינעווענינ א מין געדאנקענראָזשענקע, כדי עס זאָל זיין פול מיט אינהאַלט.

א פארגלייך: יהואש און פּרץ הירשביין. — הירש־ביין פאָהרט דורך עטליכע מאָל דעם ערדקוגעל, שרייבט ער אָן דעריבער אן אימפּרעסיע פון צוויי קאָלומנען; יהואש פאָהרט פון ניו יאָרק ביז נומער 136 הערצעל־גאַס. רחובות, שרייבט ער וועגען דעם א בוך — צ ו ו י י ביכער, ד ר י י ביכער, עס האָט נישט קיין שיעור.

און וואָס באָאבאכטעט אזוינס אונזער יהואש?

אין רוים, למשל, באָאבאכטעט ער, אז כמעט אלע איטאליענער רעדען איטאליעניש. נעמט ער און פאר־

שרייבט עס. אין מאַנטע קאַרלאָ באַמערקט ער אַז מענ־
שען שפּיעלען רולעט־שפּיעל — פאַרצייכענט ער עס אין
אַ באַזונדער קאַפּיטעל. אין מאַדעראַ באַמערקט ער אַז
מענשען טרינקען מאַדעראַ־וויין, — נעמט ער און
שטעלט עס אַריין אין בוך. אויפ'ן אָקעאַן באַמערקט ער
ווי די שיף וויעגט זיך אויף די וועלען הין־און־צוריק;
אין בלאַהע נעכט באַמערקט ער אַז דער הימעל איז בלאָה
און לויטער; דערזעהט ער ביילים'ען באַמערקט ער אַז
ער, מענדיל ב., האָט אַ באָרד און אַז ער שטאַמט פון אַ
פּראָסטער פאַמיליע; אין נעאַפּאָל, אָדער ערגעץ־אַנדערש,
רעכענט מען איהם איבער עטליכע סענטען פאַר איבער־
פיהרען ס'געפּעק, פאַרצייכענט ער עס פאַר די צוקינפ־
טיגע דורות, עטצעטעראַ, עטצעטעראַ.

* * *

לעזענדיג יהואש'ס רייזעבאַשרייבונג, פאַלט מיר
איין, אַז די אידישע שפּראַך איז געגליכען צו מצה.
מצה אַז מ'הויבט אָן קייען, קאָן מען נישט אויפהערען.
עס עסט זיך אַליין פון זיך, אַזוי צו זאָגען. אויף קיין
שפּראַך קאָן מען נישט אַזוי פיעל רעדען ווי אויף אידיש.
אידיש איז אַ שפּראַך וואָס רעדט זיך אַליין פון זיך,
און וואָס מעהר מען רעדט, אַלץ מעהר ווילט זיך.

אין אידיש, למשל, קאָנט איהר זאָגען „ווימלען", און
אויב שוין ווימלען, ווארום נישט טימלען, ברימלען,
גרימלען, שטרימלען, פרימלען א. ז. וו.? אין אידיש
קאָנט איהר זאָגען, אַז ער „צ ע פּ ו ט י ע ט דעם גאַנ־
צען עסק". איהר קאָנט (ווי ביי יהואש'ן) „אָנהויבען
מאַכען ה כ נ ו ת צו דער רייזע", אָנשטאַט „זיך גריי־
טען אין וועג־אַריין". איהר קאָנט עס טון מיט פאַרדאַ־
וועטקייט און אימפּעט, אָט אַזוי ווי שוין מאָרגען ר י י ז
איך אָפּ. (בלעטעל 7).

אויף אידיש קאָן מען זאָגען: אַז דאָס וואַסער האָט
אָנגעהויבען קאָכען און ש ו ו י מ ל ע! (זייטע24) און

מען קאָן אויך זאָגען „שלאָגבאָם“ אָנשטאַט „שטאַנגען“, אָדער ש ר א נ ק, אָדער ר אָ ג א ט ק ע אָדער — אין ערגסטען פאַל, „שלאָגבוים“. מען קאָן אויך זאָגען „פּיצימאָנציגקע מדינה’לע“ (94), אָדער „ק ו פּ ק ע ־ ל ע ך גאָלד“ (98), אַנשטאַט הויפענס גאָלד, און נאָך אזוינע א ו נ ש פּ ר א כ ל י כ ק י י ט ע ן — אויב יהואש’ס ווערטער־בוך וועט מיר ערלויבען צו נוצען אזא וואָרט.

* * *

פראגע: פאַרוואָס לעז איך א בוך? ענטפער: איך לעז א בוך, ווייל איך האָב פיינט ביכער; ווייל ס’איז מיר דערווידער צו זיצען אין קאווע־הויז און צו הערען ביכער. ווייל איך בין מיד פון רעדען ענציקלאָפּעדיען. גאָה איך אוועק א היים און לעז א בוך. וויל איך דאָס מענשליכע, דאָס ריין־פּערזענליכע, דאָס אונפּראָפּעסיאָנעל־ליטעראַרישע פון דעם בוך ארויסלעזען, וויל איך דעם מענש דערזעהען, מיט זיינע שוואכקייטען, זיינע קאַפּריזען, און זיך פרעהען אָדער ערגערען איבער דעם.

יהואש’ס „רייזע“איז דורכאויס בוך, פון דעם ערשטען באנד ביז צום סוף און צוריק. ביי יהואש’ן איז אלצדינג פּינקטליך אויפ’ן אָרט, ו ו י ע ס פּ אָ ד ע ר ט ד י ל א ג ע. ער פאַרפּריוואטיזירט נישט קיין איין שורה פון זיין בוך, עס איז בלויז א בוך און נישט מעהר ווי בוך, אזוי העלפט מיר גאָט, אָמן!

יהואש איז א ספּעציאַליסט אין אלצדינג. ער איז א טיכטיגער דענקער, א פיינער הארציסט, א געטרייער זעהער, א פלייסיגער הערער, אן איבערגעבענער זונשייןטרינקער, און ער ווייסט ווי אזוי מ’צעשטעלט דאָס אלצדינג אויף אן אָרט. בלעטעל אזויפיעל און אזויפיעל — ווייסט ער — פאַסט זיך א ביסעל באָאָבאַכטונג. הערצוים דערמיט. פאַרטיג! איצט דף אזוי און אזוי

— שא, דאָ וואָלטען זיך געפּאסט ארײנשלײפען עטליכע זפאַריזמען־ערדעלשטײנער. פּארטיג. שוין ארײנגעשליפען. איצט — וואָס נאָך? אהא! א ביסעל ליריזם — א דרעה דעם נשמה־קראַן מיט דער אויפשריפט „ליריק" און — כע פליצט מיט ליריזם. 14 קאראט רײן. איצט גלאט אזוי גלײכווערטער, וואָרטשפּיעלען. און פּעט באשמירט איז דאָס ברויט וואָס ליגט אין זײן רײזע־זאַק, און טאַ־פעל־באפּוטערט מיט זונענשײן, און — טאקע נאָך אמאָל — אויף בלעטעל נומער 8, דיק באשײנט מיט זונענשײן. אזוי געהען בלעטער נאָך בלעטער. אָפּט פײנפּינקעל־דיג ווי דאָס בײטאָגיגע זאמד פון דער מדבר און אָהן דער געפאהר ,אז דער שטורעם־ווינד וועט אָנקומען און די טויטע זאמד קערנער לעבעדיג מאכען: אין יהואש׳ס רײזעבאשרײבונג איז בכלל נישטאָ קײן מעגליכקײט, אז ס׳זאָל ארײנוועהען א ווינד. עס איז פארמאכט און פאר־ריגעלט אויף די זיבען ריגלען פון תורה, חכמה און ווי־סענשאפט. יהואש האָט נישט נאָר באשריבען זײן רײזע, נאָר ער האָט — ווי ס׳איז די מאָטאָ פון דער העכסט־לאנגווײליגער „טײמס" — באשריבען אלצדינג וואָס איז פּאסיג באשריבען צו ווערען. ער האָט באַזונגען אלצדינג וואָס איז ווערט באזונגען צו ווערען. נישט מיט הארץ־שטורם, נישט מיט פלאטערגעפיהלען איז ער צו־געגאנגען צו זײן ארבײט. זײן ליעבע צו פּאלעסטינא איז נישט די אונרוהיגע פארצעהרענדע ליעבע וואָס מען פיהלט צו א געליעבטער. עס איז די ליעבע צו א געזעצ־ליך ווײב. עס איז א רוהיגע, העכסט־סאניטארישע, צוועקמעסיגע ליעבע — מיט אן אויסקוק אויף רעזולטאַ־טען. זײן באפליגעלטקײט איז א מין שטעק־שיך־באפלי־געלטקײט, וואָס מאכט גריגג די טרוט און ווײך דאָס געמיט. דאָס אויג געהט זיך ארום אין פעלד און סע זעהט נײע בליהעבצען, און ס׳אויער — אז עס האָט נישט וואָס צו טון — הערט עס הײסע סודות. און סע הערט, — אויף בלעטעל נומער 191 — ווי די

פיינעל האָבען זיך פאַנאַנדערגעסווישטשעט מיט גרויס א י מ פ ע ט. און ווערט אונזער ליעבער יהואש וואָרט־באַשעפעריש, גיט זיך איהם נישט איין און סע קומט ארויס, אויף בלעטעל 167: פ אַ נ אַ נ ד ע ר ז ו נ ד ע־ר ע ר ס.

* * *

יהואש איז אַ גוטער רייזענדער, אַ פיינער וואָיאַזשער — אין אַמעריקאַנישען זין פון וואָרט. יהואש פאָהרט אויפ'ן הויכען ים פון געשעהענישען אָבער פון גייסטיגער זעעקראַנקהייט ווייסט ער נישט. זיינע ים'ען — איך ברענג אַ ציטאַטע פון י. ראָלניק — זענען שטילע. אָבער זיינע שיפען? — געהען זיינע שיפען ווייט? ווייטער ווי מען דאַרף? ווייטער ווי עס פאָדערט די געדאַנקליכע פערעל־זוכעריי און דער פאַנג פון הויכרויט־פּאָעטישע קרעלען?

זיינע ים'ען זענען שטילע. און אַ גוטער מאַטראָז איז ער. פאָהרט ער אויף זיין געמיטליך שלעפ־שיפעל, מיט דער רעכטער האַנט אַראָפּגעלאָזען אין וואַסער און וואָס די האַנט געפינט — איז גוט. אַמאָל בויגט מען זיך אריבער און מען זוכט מיט גרויס אַנשטרענגונג אַ גלאַנץ־פערעל. פעריל, פעריל קום ארויס! פעריל־פעריל קומט ארויס. נעמט זי יהואש פאָרזיכטיג מיט צוויי פינגער, וואַשט זי אין ג י ל ד ע ר נ ע ם מבול פון זונענשיין, און דאַן געהט ער מיט איהר אריין אין זיין פריוואַטען געדאַנקען־קאַבינעט. שאַ, עס איז שטיל. אויפ'ן שלייפשטיין פון געדאַנקען, שלייפט יהואש די פעריל אַזוי לאַנג ביז וואַנעט זי באַקומט דעם ריינליטער־ראַרישען גלאַנץ, דאַן שטעלט ער זי אַוועק אויף בלעטעל 30 און: — די פעלדער ווערען ב ו כ ש ט ע ב ל י ך (אַנמערקונג: מיט אַ גאַראַנטי אויף צוויי יאָהר!) באַדעקט מיט בלומען, אָהן די ש ו ו י ר י ג ק י י ט ע ן פון בלעטעל 29.

פאָהר איך מיט יהואש'ן. איז מיר נישט גוט און

נישט שלעכט, נאָר ס'איז מיר אויסערגעווענליך גוט אויף א ריעזיג־מאַמאָט־קאָלאָסאַל־גיגאַנטישען אופן. די וועלט איז שעהן פון אויבען ביז אראָפּ און, צוריק. אומעטום זונענשיין. א זופּ זונענשיין און פארביסען מיט דעם טייערען שטיקעל גליק. פארגלוסט זיך אונז און אנדערע פארוועלעניס, ווי אויף הף 78, געהען מיר צו דער כותל מערבי און מיר באשרייבען פינקטליך און בוכשטעבליך יעדער עזעל־טריט פון אונזער עזעל. און מיר מאכען טאקע א וואָרט־שפּיעל וועגען ארץ ישראל'דיגע עזלען. וואָס דערמיט זענען מיר אויסען אימיצען א שארפען בים צו טון מיט גיפטיגער סאטירע. קומען מיר (נאָכדעם ווי טיגלען שמעלצען און עס פאלען שטעלצען, אינ'ם שלום־ליעד אויף די זייטען 31 און 32), צו דער היילי־גער וואנד באַמערקען מיר א שפּאַניאָלישע אידע־נע וואָס וויינט און בעט גאָט אויף שפּאַניאָליש, און בעטלערס זעהען מיר און פּראָפּעסיאָנעלע תהילים־זאָגער „וואָס דערמאָנען אונז״ און סוף כל סוף פאלט א שטיין פון דער הייליגער וואנד, צוליעב דעם חן פון די פאלט־א־שטיין־פּערזען.

רוהיג פאָהרען מיר. רוהיג זעהען מיר. רוהיג ערגערען מיר זיך און נאָך יעדען מאָל וואָס מיר גיבען זיך א קאפּיטשקע אן ערגער, געהען מיר זיך אָפּוועגען אויף א וואָג, צו זעהן וויפיעל עס איז אונז אָפּגעקומען אין גע־זונט. אך, מיין גאָט!

רוהיג פאָהרען מיר. רוהיג באמערקען מיר: קאלט, דענקעריש, לאָמיר זאָגען: פּילאָזאָפיש. באמערקען מיר עס ווערט קיהל און טונקעל אין אונזער בוך, שלאָגען מיר א וואָרט צו א וואָרט, א געדאנק צו א געדאנק, און סע ווערט פייער. אָבער די ארבייט איז שווער. ערמיע־דענד. און פון די נאקעטע בערג פון יהודה, בלאָזט א ווינט וואָס איז אָנגעזאפּט מיט ווארימען און ווייך־וואָ־לענעם פּעסימיזם. פאָהרען מיר שנעל און שנעלער און

ז ע ה ר  שנעל און מיר קומען צו א מין שטיינערנעם שלאָס „וואָס דערמאָנט אונז" און — ווידער שיינט די העכסט־גינגאָלדענע זון, און ווידער פיהרען מיר יעדען קאַפּיטעל אריין־און־ארויס מיט געזאנג ווי א כלה צו דער חופּה. אמאָל דערשלאָגען מיר זיך צו פיינשעהנער מאה־לעריי, צו ציטער־שטילקייט, ווי דער וואוילגעצייכענטער בילועט פון די הרי־יהודה אויף די בלעטער 164-5:

„אלע ווײַלע איז דאָס פייער אויפגעשפּרונגען (ביי־נאכט) און אנטקעגען די רויטע פלאַמען האָבען זיך גע־שווארצט לויז־באמאנטעלטע געשטאלטען זיצענדיג אין א קרייז, און צוזאמענגעקאָרטשעטע פרויען מישענדיג מיט לאנגע דארע הענט אין גרויסע טונקעלע טעפּ. אי־בער זיי אלעמען האָט זיך א געדיכטער רויך געפלאָכטען אין משונה'דיגע געשטאלטען. אז די רויטקייט האָט שטארקער אויפגעפלאקערט, האָבען זיך באוויזען הינטער די שווארצע געצעלטען קעמלען מיט אויסגעשטרעקטע העלזער, און דאָ און דאָרט דער פארשפּיצטער קאָפּ פון א פאסטוך־הונד".

דאָס איז אויסגעצייכענט. און די דאָזיגע שורות פיהרען, אזוי צו זאָגען, א פּ ר י װ א ט ־ ל ע ב ע ן. עס איז נישט דאָס עפענטליכע לעבען פון די פאלש־אָנ־געפּארבטע ווערטער, וואָס געהען ארום פון ליעד־צו־ליעד. אָבער א ווײַלע שפּעטער פאָהרען מיר אוועק פון אונז ביז — זיך־זעלבסט און צוריק. מיר ווערען א בוך־שרײַ־בער. און מיר נוצען אויס די באריהמטע ל ע צ ט ע ג ע ל ע ג ע נ ה י י ט, כדי דאָס בוך צו מאכען אזוי פון־אלצדינג־צו־ביסלעכ'דיג ווי מעגליך. ווילען מיר, למשל, אויסדריקען אן אפּאָריזם, אז מיר האָבען פיינט גרים, בפרט אזוינע וואָס מאכען אָן א טומעל—זאָגען מיר נישט: שמעו נא רבותי, הערט זיך איין ליעבע לעזער און לעזערינען, מיר געהען אייך דאָ דערצעהלען אן אפּאָריזם. ניין. דאָס איז צו איינפאך. טוען מיר אנדערש: מיר דערצעהלען א גאנצע געשיכטע, וויסענזע, וועגען א

קלויסטער גלאָק וואָס מ'האָט איהם מגיר געווען אויף א מין אידיש גלעקעל פאַר אלצדינג און מיר פיהרען אוים — כלומר'שט זעהר נאַכלעסיג — אז זינט מיר זענען געוואָר געוואָרען, אז דער גלאָק איז פון נוי'שער אָפּשטאַמונג, האָבען מיר איהם פיינט געקראָגען. ווייל? — גיב אכטונג, זוהן מיינער! איצט קומט עס: „ווייל איך האָב פיינט גרים, באַזונדערס אַזעלכע וואָס קלינגען".

שפעטער — אָדער אפשר פריהער, ווער געדענקט עס? — קומען מיר אין דער קאָלאָניע אבור־שושא, נאָך א לאַנגער רייזע איבער די שפּיצען פון אלערליי הויכגעדרעהטע אנעקדאָטען, און האָרט, אין דער פראַכטיגער מויער, „וואָס דערמאָנט אונז" א. ז. וו., זעהען מיר: „דער גאַנצער טאָל שרון איז געווען אויס־געשפּרייט", אויף זייט 124, פאַר אונזערע אויגען אין אלערליי בונטע קאָלירען. אָט איז די קאָלאָניע עקרון, און דאָרט איז רחובות און נאָך ווייטער איז ראשון־לציון.

אונזער איינענע באַמערקונג: נאָך ווייטער איז באָפ־טאָן, נאָך ווייטער איז מינעאפּאָלים. נאָך ווייטער — איז גאָר שרעקליך־ווייט!

און ווידער יהואש: „די לופט איז געווען באַזאַמדיג און קלאָר. די לאַנדשאַפט א זאַנפטע (זאַנפט, זאַנפטער, זענפטיגער, זענעפט, מאַסטאַרד) און באַרוהיגענדע און ווי צוגעפּאַסט פאַר א שטילען אנשוילעכען לעבען.

אנשוילך לעבען. וואָס פאַר א לעבען דאָס קאָן שוין זיין, מ'שטיינס געזאָגט!

* * *

מיר פאָהרען, אהין און צוריק און צוריק'ער. און זעהר צוריק. און מיר שווייגען נישט. מיר באַאָבאַכטען מיט אלע אונזערע כחות. מיר ווערען פשוט, הערט איהר, פארמאַטערט באַאָבאַכטענדיג.

דערצעהלט אונז עפּעס איינער א קאַפּיר, אז ביי

איהם, ערגעץ דאָרט ווי ט־וויי ט, אין אלדערגוטער־יאָהר־לאנד, רופט מען ארץ־ישראל „דאָס לאנד פון שאלאָמס“, איז גלייך האָבען מיר א קאפּיטעל: „דאָס לאנד פון שאלאָמס“. צרות פון דיענסט־מיידלעך — א קאפּיטעל. זון־פּעדעם — אין בוך־אריין!! עס איז שוין באלד שבת. נו, גיכער. ריהרט זיך. עס ווערט שפּעט!

הערצעל'ס יודענשטאאט — א קאפּיטעל. „צוריק“ — א קאפּיטעל. התאחדות המושבות —א קאפּיטעל. קורץ: עס איז ביי אונז, ווי אויף זייטעל 122 — אָנ־אָנגעוואליעט מיט געדאנקען־בלומען, באַ־אָבאכטונגען, אפאָריזמען, פעדערשפּריצען, זאלץ־און־פּעפער, געגראמטע נייעס, פון־טאָג־צו־טאָג, עטצעטערא.

וועגען גלייכווערטלעך און וואָרטשפּיעלען: רעדען מיר וועגען ריצענאויל־בוימער, גיבען מיר אָנצוהערען, אז דער בעל הבית איז שוין דערווייל לויז געוואָרען (אונטערגעשטראָכען "לויז") פון א היבשער סומע געלד. רעדען מיר וועגען דעם, אז אידענלאנד איז א טייער לאנד, שטרייכען מיר אונטער אז דוקא די טייערקייט פון לאנד האָט א געוויסען מענש שטארק אָפּגעשלאָגען דעם מוט, זיך דאָרט צו באזעצען. אויף דף 92 „צאטעווען“ מיר אויף טיף־ליטוויש. אויף בלעטעל נומער 70 „געפינען זיך גוטע מענשען, וואָס שטייגען אריין אין פּרייז“. שפּעטער — אָדער אפשר פריהער, ווער געדענקט עס? — קומט אן אמת פיינער ארויסבליץ פון געלייטערטען הומאָר. עס איז די באשרייבונג פון דעם תימנ'ער וואפען־שמיעד וואָס פוילט זיך ב"ה צו ארבייטען, און וואָס די גאנצע צייט געהט איהם ב"ה אוועק אויף צו זוכען די נעציינג, און וועלכער שיסט זיך ב"ה אָפּ א פינגער מיט א ביקס וואָס מ'האָט איהם ב"ה געגעבען צו פאררריכטען. און ווידער ליטעראריש פלאכלאנד, און ווידער אלערליי באשרייבונגען, וואָס זענען ווערט באשריבען צו ווערען,

און געדאנקען וואָס זענען ווערט געדענקט צו ווערען פונקט אָט־אָ־דאָ־אָ. און עס איז העכסט אינטעליגענט געשריבען — מעשה רייזענדער פאסטאָר, מיט א טאַ־געביכעל. עס איז פול מיט דעם קום־קום־ישראליק־קום־אהיים פאטאָס. נאָר עס פעהלט אָטעם — לעבעדיגער, געזונטער, נישט - מיט־בלומען־דופטענדער־אָטעם. עס פעהלען פעהלערען. עס פעהלט — יהואש, דער פערזענ־ליכער, דער גוטער, דער בעזער, דער פיינער, דער רויהער, דער מענשליכער נישט־גאנץ־פארמאנדעלט און פארפיי־געגנטער יהואש.

עס פעהלט דער יהואש פון די ב ר אָ נ ק ס, מיינע הערען!

# אברהם רייזען

. . . פון יהואש׳ן צו רייזען׳ען איז ווי דער איבערגאנג פון א רייכען גלאז־גארטען, וואס בליהט סיי זומער און סיי ווינטער, צו א נאטירליכען גארטען וואס ליגט אין דרויסען און בליהט און וויאנעט אויף וואס די וועלט שטעהט. עס איז דער איבערגאנג פון דער קינסטליכער גלאז־גארטען־לופט, צו גאט׳ס אלגעמיינער לופט, וואס איז פול מיט וועלט־אונטערגאנג און מיט פריהלינג. עס איז: ווי דאס איבערציהען זיך פון א לאנד, וואו יעדער טאג איז שבת־קודש־אין־מיטען־העלען־טאג, צו א לאנד וואו מאנטאג איז מאנטאג און זייגער זיבען איז זייגער זיבען. עס איז ווי דער אונטערשיעד צווישען א העכסט וואונדערבארען פארטרעט פון א בלאנד מיידעל ביז דאס ל ע ב ע ד י ג ע בלאנד־זיין פון אן אכצעהניעהריגער. עס איז ווי דער חילוק צווישען אן 98־סענטיגער העמד וואס איז שטייף געפרעסט, מיט א גלאנץ פון אויבען, ביז א העמד פון זיידענשטאף, וואס איז נגיד׳יש־צוקנייטשט און אפגעלאזען.

דער ערשטער באנד פון רייזען׳ס ליעדער איז אפגעלאזען, נישט פארקעמט. ווען דאס דאזיגע בוך זאל זיין א מיידעל, וואלט עס געווען א גרויסע שעהנהייט (ברונעט), וואס האלט אין פארלירען די האר־נאדלען פון קאפ, און א הארץ וואלט זי געהאט א גאלדענס, נאר די נעגעל וואלט ביי איהר געווען נישט קיין גלאנציגע. ביי יעדער געלעגענהייט וואלט זי גערעדט פון גליק, און זי וואלט געווען זעהר א קלוגע (א ליטוויש מיידעל!)

און זי וואלט זיך באנוצט מיט א מאַסע אויסרופונגס־צייכענס — ווי די פאלגענדע אילוסטראציע ! ! ! ! ! ! (7 שטיק). און יעדעס מאָל איידער זי וואלט זיך מיט אייך געזעגענט, וואָלט זי געזאָגט : אַך, אַך, וואו איז מיין העניע דאָס גאָלדענע קינד ! (בלעטעל 27). אָ, דער וועג, ווי קורץ און קארג (34), אַך, זי (די שטאָדט) גע־הערט דעם שטן (40), אַך, שעהנע זומערטעג באקאנטע (45), אָ, האָפענונגען מיינע, בליהט ! (59) אַך, איך געה אויף א חתונה !... אַך, איך געה מיך נעמען ס׳לעבען. אַך, איך געה מיך קויפען א שקארמיץ־וויינשעל !..

רייזען איז אן אַך־שרייענדיגער דיכטער. אָפטמאָל איז זיין אַך־געשריי אביסעל צו הויך, אביסעל צו שכל׳־דיג, אביסעל צו למה־זה־אנכי׳דיג, אָבער אומעטום איז זיין אַך־געשריי טיף־מענשליך, און אז איהר דערהערט דעמדאָזיגען געשריי, זאָגט איהר : אַך ! גוט, וואָס ע ר קרעכצט ! מיר אליין פאסט נישט צו קרעכצען. איך בין א מאָדערנער מענש. נו, זאל רייזען פאר מיר ארויס־קרעכצען מיין טיף־אידישען „אַך“, וועט מיר גרינגער ווערען אויפ׳ן הארץ, און איך וועל מיר קענען שרייבען מיינע מאָדערנע לידער ווענען

.. עמיצער — ער געהט אוועק,
און ער קוקט מיך אן אזוי,
און איך וויים נישט ווער ער איז...
און איך וויים נישט וואו ער געהט...

די ציטאטע איז נישט פון רייזען׳ען. עס איז פון יעדענמאנ׳ס מאָדערנע דיכטונג. עס איז א מוסטער־ליעד פון יונגשאפט. אז מען וויל איז דאָס סימבאָליזם. ליזם ! און אז מען שפּארט זיך איין און מען רופט צע־נויף א מאסענפארזאמלונג פון זשעניען, קאן מען באַ־שליסען אז דאָס פאָלגענדע איז דאָס בעסטע ליעד פונ׳ם היינטיגען יאָהרטויזענד :

מיינע דראַמען זיינען פלאַמען,
פלאַמען פראנק און פריי.

בלאנקען פראנק די דראמען־פלאמען,
ווי די אויגען פון א מאמען,
ווען די מאמע־אויגען פלאמען —
אויף די ימים אָקעאַנען...
וואו א ווינט־שיף איז פאראנען,
וואו א ווינט שיף איז
פאר
אנען.

רייזען איז נישט קיין מאָדערנער דיכטער, מיט שאַפונגען לויט׳ן לעצטען מאָדעזשורנאל. רייזען טוט נישט אָן זיינע גייסטיגע קינדער אלע וואָך א ניי היטעל, כדי מען זאל זיי נישט דערקענען און מען זאָל מיינען אז דער טאַטע זייערער איז א פרוכטבארער מענש. רייזען איז א ב כ ח ׳ דיגער דיכטער. אנשטאַט נייע היטלען אנשטאַט נייע פריזורען (ווי עס טוען א טייל יונגע) שאפט ער נייע קינדער. רייזען גראבעלט נישט פון זיך ארויס יעדען געדאנק מ י ט ד י נ ע ג ע ל. ער רייסט נישט זיינע שטימונגען מיט צוואַנגען. זיינע גייסטיגע נעבורטען קומען אָן גרינג און אהן בלוטפארגיסונג, דאריבער זעהט איהר נישט, אז ער זאל זיינע שאפונגען אזוי קעכלען־און־פעכלען ווי אנדערע דיכטער. דאריבער אזעלכע נישט־גלאַטיגקייטען ווי: „אנשטאַט א קוואל, ג ע פ י נ ס ט א שטיין (בלעטעל 10) — וואָס עס מוז זיין „געפינסטו א שטיין“...

מיט א קליין ביסעל ארבייט האָט רייזען געקענט איבערבויען די שורה, עס זאל זיך לעזען: „דו זוכסט א קוואל — געפינסט א שטיין“. און דארפאר האָט ער אויך אזוינע נישט־פאַרזיכטיגקייטען, ווי דער טאָן־וואַריאנט אויף זיין ליעד „דער הענדלער“, אויף בלעטעל 24, וואו ער זאגט, מיט פידעל־באגלייטונג:

„שטיל און אומעטיג און שפעט
הארץ מיינ׳ס וואָס ה אָ ס ט ׳ זיך צורעדט?“

וואָס גלייך נאָכדעם ווילט זיך זינגען:

„האָט איהר נישט אַן אַלטע בעט?
אַלטע הויזען, אַלטע שיך,
אַלעס, אַלעס, האַנדעל איך.
האַנדעל! האַנדעל!"

און וואָס א חוץ דעם — איז דער „וואָס האָסט'" אַבי־סעל אַ שוועריפיסיגער. און בעסער וואָלט געווען צו זאָ־זען: „האַרץ, וואָס האָסטו זיך צורעדט?"

דאָס ברענגט אונז אויפ'ן אַפאָריזם, אַז רייזען איז געגליכען צום דייטשען פאָלק. דאָס דייטשע פאָלק ליידט פון ד י י ט ש ע ן, און אברהם רייזען ליידט אויך פון — אברהם רייזען'ען... און דאַריבער דער פאָלגענדער פערז, אין זיין אויסגעצייכענט ליעד „אויפ'ן ים":

„וואָס־זשע טרייבט דיך, וואָס־זשע יאָגט דיך
אין דער וועלט אַלץ ו ו י י ט און ווייטער?
זוכסט אַלץ נייע, ברייטע הימלען,
מיינסט, אַז דאָרטען איז עס הייטער?"

(מיט'ן ניגון פון „מה קא משמע לן").

אנשטאט „ו ו י י ט און ווייטער" האָט רייזען זעהר וואויל געקענט זאָגען „ווייטער, ווייטער" און אנ־שטאט „הייטער" האָט ער געקענט זאָגען „יעפרייטער" אָדער „צוגספיהרער".ביידע זענען כמעט דייטשע ווערטער, און דאָס ערשטע איז פונקט אזא גוטער גראם ווי „הייטער".

רייזען'ס שטעלונג צו ווערטער איז בכלל א פיינט־ליכע. דער „פאַראיין צו באשיצען אונשולדיגע ווער־טער" האָט באדאַרפט זעהען עפּעס טון. רייזען נעמט, למשל, אזא קורץ־און־אונשולדיג וואָרט ווי „וואוהין" און מאכט דערפון א „וו'הין"... רייזען האָט אויך א שוואכקייט צו אזוינע קייזערקעניגליכע ווערטער ווי „זעגענען", „זעעלע", און אויף בלאַט 34, וויל ער „בלו־מענדופטען שפּירען".

רייזען איז, דאַנקען גאָט, נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער דענקער. ער דענקערט נישט. ער ל ע ב ט. ער לעבט

אין דעם גרויסען וועלט־גערדאנק, און פרובט זיך אין איהם צו אָריענטירען. פרובט געפינען א זין אין דעם „הערבסט־שמייכעל, וועלכער פאַלט אויף הוילע פעלדער" (13), פרובט פארשטעהן די נוצליכקייט פון דער גאָר־טענרוייז:

„דיך אפרייסען פלאנט דאָס געוויסען
דיך נעהמען אין האנד איז א שאָד."

און וועגען ליעבע:

אך, נור דאָס איז ליעבע,
אייביג זוך זי — זוך!
ווי עס ווערט באשריבען
אין אן אלטען בוך...

און נאָך אמאָל די שווערקייט פון א געלאנגווייליגט גרויסשטעטיש הארץ:

„אומעטיג, מיידעל, צו לעבען אליין.
קענסט אפשר קומען צו מיר,
מיין צימער איז ארעם, מיין צימער איז קליין,
האָט א באזונדערע טיר,
האָט א באזונדערע טיר,
נור קיינער, אוי, קלאפט נישט אין איהר!"

ווייפעל איידעלע שעהנקייט! ווייפיעל מוזיק! און ווייפיעל פיינע געדאנקליכקייט. אָבער דאָרט וואו אן אנדערער גיט די גערדאנקען אויפגעלעזטערהייד, גיט רייזען דעם פרעפּאַראַט — דאָס ריינע געפיהל, אָדער די שטימונג וואָס מוז ערשט צעפיהרט ווערען דורך דעם פּאָפּולערען געדאנקען־וואסער, כדי צו ווערען דאָס, וואָס דער צייטונג־לעזער רופט „פילאָזאָפיע".

רייזען איז אפשר דער גרעסטער גרויסשטעטער לער אין דער אידישער ליטעראטור: צווישען די על־טערע אידישע דיכטער איז רייזען אפשר דער ערשטער, וועמעס שרייבען האָט זיך פעסט אָפּגעריסען פון דעם תלמוד'ישן שטייגער פון מאָראליזירען, פון שטראָפען, פון מסור'ן.

רייזענ׳ען דאַרף מען נישט לעזען מיט רש״י אָדער מיט שפתי חכמים אָדער מיט תרגום־בעל־מחשבות־קאָמענטאַ־רען, אָהן וועלכע די „יונגע״ קענען נישט אפּגעשאַצט ווע־רען. רייזען׳ס טאַלענט איז נישט דורכגעגאַנגען די אוני־ווערזיטעט פון קלאַסיציזם. אדרבא, ער האָט געגעבען דער אקאַדעמיע אַן ערציהונג, ער האָט זי גענומען אין חדר אריין, צו זיך זעלבסט.

רייזען זינגט נישט פון לעבען, נאָר ער זינגט פון זיך דאָס לעבען ארויס. רייזען איז דער דיכטער מיט א גע־בורטשיין. מיט א היים ערגיץ־וואו. ער איז א קינד פון טאַטע־מאַמע — אָבער נישט קליינשטעטעלדיג. די קליינ־שטעטעלדיגע „וועלטבירגערליכקייט״, וועלכע מ׳קען ארויספיהלען פון די מאָדערנע דיכטער איז איהם פרעמד. רייזען׳ס נשמה איז א גרויסשטאָטישע. בענקט זי נאָך דעם קליינעם שטעטיל, נאָך דער פארשאָטענקייט, נאָך דעם פּרימיטיווען לעבענס־אויסדרוק. ווייל:

„מיר שטאַמען אלע פון אַן אַנדער וועלט...״

די וועלט פון עלעקטרישע שילדען איז נישט אונ־זערע. און די שטעה־קראַגען־ציוויליזאציע איז נישט קיין אידישע. ווייל:

„מיר זיינען פון וועלט די פּרושים,
אויף „טעג״ ביי די פעלקער באשטעלט.
דאָ מאַנטאַג, דאָ דינסטאַג, דא מיטוואָך,
א שבת — א שבת נאָר פעהלט...״

רייזען האָט ווייניג קאפּריזען. דאָס געפעלט מיר נישט. א דיכטער דאַרף זיין קאַפּריזנע — אזוי ווי איך, און ער דאַרף נישט געפעלען ווערען די לעזער. רייזען געפעלט די לעזער, אָבר נישט דערפאַר ווייל ער איז א גרויסער דיכטער, נור כאָטש ער איז א גרויסער דיכטער. דאָס אמת־גרויסע און איינציגע אין רייזען׳ס דיכטונג ווערט זעלטען פארשטאַנען. דאָס איז א שטיקעל טרייסט. די רייזען־ליעדער וואָס ווערען געזונגען פונ׳ם עולם זיינען בכלל נישט זיינע בעסטע

(מיט דער אויסנאַהם פון „מה קאָ משמע לן“). זיינע בעסטע לידער זיינען די ג ע ל ע ב ט ע לידער, נישט די געדיכטעטע — נישט די באַלאַדען א. ז. וו. רייזען דאַרף נישט דיכטען. זיין נשמה איז אַזוי פאַר־בענפול און אַזוי רייך אין עמאָציאָנען, אַז ער דאַרף נור געבען זיך זעלבסט. דאַריבען זענען זיינע בעסטע לידער די לירישע לידער, די לידער פון בענקשאַפט, פון אייביגען רחמנות, פון פיעטעט, פון שטילער רעזיגנאַציע. און דאַריבער שרייבט רייזען אין „פוילען־טאָג“; ווען פוילישע טעכטער געהן אום זאַמלען מלחמה־נדבות:

איך האָב פאַרגעסען אַלע לעהרען,
וואָס מ'האָט געפלאַנצט אין זיי, אין מיר;
איך האָב געזעהן בלויז חורבות־הייזלעך,
און אָרימע פויערטע ביים טיהר...

רייזען שפּיעלט נישט דעם מלאך פון רחמנות. רייזען פאָזירט נישט. רחמנות, ליעבשאַפט און בענקען זענען זיינע טיפסטע סענטימענטען. רייזען זעהט די קרומקייטען פון לעבען אַזוי ג ר א ד, ווי קיינער נישט פון אונז. מיר זעהן אַלצדינג קרום און ווינקעלדיג, — ער, רייזען, זעהט אַלצדינג ראַציאָנאַל און פון וואָרצעל ארוים. זאָגט ער צו די קינדער:

אַנשטאַט געלד, האָט ער נאָר שערבעלעך,
וואָס־זשע זאָל אייך, קינדער, ארען?
מיט די עכטע געלד די קערבעלעך,
שפּילען זיך נאָר גרויסע נאַרען...

אָדער אויף בלאַט 11:

ווי קליין איז דאָס טייכעל געוועזען,
און רוהיג זיין וועג זיך געגאַנגען,
קיינמאָל געהאַט קיין באַגעהרען
דעם ים, דעם אקינוס דערלאַנגען...

רייזענ'ס פעהלערען זיינען, דערהויפּט, אין דער קאָנסטרוקציע פון פּערז, און אין דער שפּראַכליכקייט. אַזוי, למשל, אין שעהנעם ליעד „די צויבערין“ זינגט ער:

„דער קאָזאַק פאַלט צום קערפּער צו, און קריצט די ציין „ווי פאַלש ביזט דו“. בעסער וואָלט געווען, ווען אַנ־שטאַט „ווי פאַלש ביזט דו“ זאָל זיין „דו פאַלשע, דו!“ אויף בלאַט 138 האָט ער אַזאַ וואָרט ווי „ג אָ ט ע ס פ ל ו ך“, אויף בלאַט 142 האָט די שמחה „דערגרייכט דעם ה י י ס ע ס ט ע ן גראַד“. אָבער דאָס איז אַלץ גאָרנישט. ווייל וואָס איז דיכטונג? וואָס איז קונסט? אַ שפּיעל! און ווער קאָן דאָס זאָגען ווי אַזוי מ׳דאַרף זיך שפּיעלען? און צו וואָס שלייפען די פערזען און פאַרלירען איבריגע צייט?

„דען די קינדער שפּילען
ביז ס׳פאַרגעהט די זון
און זיי געהען שלאָפען,
ס׳איז קיין בייז דערפון...“

---

עס זענען פאַראַן ביכער וואָס זענען קלוג און עס זענען פאַראַן ביכער וואָס מוזען קלוג געלעזען ווערען. די ערשטע זענען קלוג, דערפאַר ווייל זיי דריקען אויס קלוגהייטען, די אַנדערע זענען קלוג דערפאַר, ווייל זיי קענען קלוג־שווייגען, קלוג באַהאַלטען זייער חכמה.

די ערשע ווערען שעהן פאַרשטאַנען, די אַנדערע ווערען שעהן דערטראַכט. ביים ערשטען האָט איהר ס׳געפיהל, אַז איהר פאָהרט זעהר גיך, אַז איהר וועט ערגיץ אָנקומען. ביים צווייטען האָט איהר ס׳געפיהל, אַז איהר שטעהט וואונדערבאַר שנעל, אַז אייער נישט־אָנקומען־צום־אָרט איז אַזאַ אינטערעסאַנטער, אַזאַ טיפער, אַזאַ ארום־זיך זעלבסט־דרעהענדיגער, ווי דאָס לע־בען, ווי דער טויט, ווי ביידע אין איינעם.

רייזענ׳ס ווערק זיינען מיט טאָפּעלטע רעלסען. זיי געהען און קומען אין דער זעלבער צייט. איהר פאָהרט און איהר האָט הנאה פון דער גלאַטפאַהרענדיגקייט, פון דעם מעסיגען טעמפּ, פון דעם פיינעם נשמה־קלי־

מאַט, פון דער גרויסאַרטיגער ווייכקייט פון דעם וואַ־
גען, פון דער נאַטור׳ס שעהנע פּראָווינצען, פון דעם
לעבענ׳ס קונציגע אונטערוועגען, וועלכע צעטיילען זיך
אין אַלערליי בלומרשט־זיגזאַגישע גענג און קומען זיך
צונויף, כדי זיך ווידער פאַנאַנדערצוגעהן.

רייזען שרייבט א סך. און א סך מעהר ווי דאָס. ער
שרייבט און ער צ ע ש ר י י ב ט דאָס שוין־עטליכע־
מאָל־אָנגעשריבענע אויף זייטיגע גאַנץ דינע שרייבונ־
גען, וועלכע קומען זיך צונויף ביי א געוויסען טערמינוס,
— ביי דעם אטאָם פון הילפלאָזיגקייט, ביים אידישלי־
כען טיפען רחמנות, ביי דער ווייט צעקנעפּעלטער מענ־
שענליעבע און דאן צופאַלען זיך די אזוי אויך ווייניג
ניאַנאַרישע מאָטיוען — אויף קלענערע, גראָהערע אונ־
טער־שטראָם־וואַריאַנטען, וואס פלייצען אוועק צוריק
אהין־אהין, פון וואנען זיי זענען געקומען.

מיט רייזענ׳ען איז גוט צו פאָהרען. ער פאַרמאַטערט
נישט מיט האַלבע ווערטער. ער אויגעלט נישט מיט די
אויגען, ווי א פאלש־ליטעראַרישער משיח. ער געהט
נישט אויף הארטשטיינערדיגע וועגען צו דער אומבאַ־
קאַנטער מורא־אָנוואַרפענדיגער הויכקייט. ער פיהרט
אייך נישט אין די פינסטערע שאַכטען, וואו עס ליגען
די קערנער פון דעם טונקעלען פּלאַקס, פון וועלכען עס
ווערען געשפּינען די טעג פון אונזער לעבען. ער איז נישט
קיין בארג־קלעטערער, אונזער רייזען. געהט איהר מיט
איהם האָט איהר ניט דאס פארגניגען, וואס קומט פון
גייסטיגען פאַרמאַטערט־ווערען — ווי, צום ביישפּיעל,
ביי בערגעלסאָנ׳ען. געהט איהר מיט רייזענ׳ען געהט
איהר נישט גיך און נישט פאַמעליך. איהר ווייסט,
אז ער — דער גוטער רייזען — געהט שוין פאַר
אייך. ער וועט שוין מסתמא ערגעץ אָנקומען, און אויב
נישט — ארט אייך אויך נישט. ווייל וואו רייזען זאָל
נישט געהן, נעמט ער מיט זיין וועטער. ווייל רייזען

איז דורכאויס ד ר ו י ס ע ן — שעהנער, וואונדערבאַ־
רער, דרויסען, פון וועלכען מען קען נישט ארויס און
נישט אריין.

רייזען איז נישט קיין ע נ ט ד ע ק ע ר, ווי קאָ־
לומבוס, נאָר אן ערפינדער, ווי עדיסאָן. ער לאָזט זיך
נישט אוועק מיט א זעגעלשיף אויף די ימים־אָקעאַנען,
כדי צו געפינען א נייע וועלט.

ער זיצט ביי זיך אין דערהיים און ערפינד'ט אלערליי
איינפאַלען. פאלט אין איהם איין די טעמא „מוטער
רחל", טוט ער זי אָן אין א צייטיגען און זעהר לירישען
אנעקדאָט און — סע ווערט דערפון א שעהנע און האַר־
ציגע זאך. רייזען קריכט נישט אדורך דורך זיין טעמא,
און קומט נישט ארויס דורך דער א נ ד ע ר ע ר זייט,
נור פ א ר ק ע ה ר ט. ער ציהט די טעמא דורך דורך
ז י ך. ער לייטערט זי מיט זיין ווילען, ער פילטירט זי
דורך זיינע נישט־אינ'ם־לעבען־איבערזעצטע־וואונשען.
און דארפון קומט ארויס א געמיש פון קלוג־פארצוויי־
פעלטע זשעסטען און חן'עוודיגע פארליעבטקייט אין
לעבען, גלאַט־אזוי. אפילו אָהן חתן־מתנות.

רייזען איז נישט קיין ז ו כ ע ר פון נייע וועגען,
נור — א פארלירער. קומט איהם אנטקעגען א נייער
וועג, לאָזט ער איהם איבער אין דרויסען און פארלירט
איהם אין דער ריזיגער דרויסענקייט פון זיין סטיל, פון
זיין פארענדיגטקייט.

געקומען די רעוואָלוציע פון יענע יאָהרען און מיט
איהר די קרומקייט, די פאנאטישקייט פון די נייע דויט־
פאָהניגע חסידים, האָט רייזען געלאכט, — געלאכט ווי
א גרויסשטעטיגער מענש און ווי אן ערפינדער, וואָס אז
ער וויל קאָן ער ערפינדען א נייע סארט מענשליכע „נאַ־
טור", וואָס זאל זיין וועניגער פארוויקעלט, וואָס זאל
זיך לענגער טראָגען און וואָס זאל קאָסטען ביליגער.

רייזען איז אפשר דער איבישסטער דיכטער וואָס

מיר האָבען. רייזען גיט ז י ך — ניין, ער שענקט זיך אוועק, כמעט אומזיסט, צו שפּאָט־ביליגע פּרייזען. ציי־טערט אין איהם די פיינע סטרונע פון סימבאָל — פּ אַ ר־פ י ז י אָ ל אָ ג י ש ט ער אָפּט דעם דאָזיגען קלאַנג. גיט ער עס אין אַ ראַמעל. אין אַ זיכערער פאָרם. מוז דער קלאַנג ערשט אַ נאָכקלאַנג באַקומען, כדי צו ווערען דאָס וואָס דער דיכטער האָט געוואָלט ער זאָל זיין. מוז ער האָבען אהן־אַ־שיעור׳דיגע דיסטאַנץ. אָבער רייזענ׳ס פיין־סימבאָלישע זאַכען, ווי „אייזען״, „דעם זיידענ׳ס לאַמטערן״, זענען צו־פיל־פאַרריגעלט, צו־פיל־פאַרענ־דיגט, אַז זיי זאָלען לאָזען אין אָרט פאַר דעם שטיל־שטילען נאָכקלאַנג, וואָס קומט פון די וועלטען אומ־באַקאַנטע, פון וועלטען נישט אויסגעמאָסטענע.

* * *

האָב איך געלעזען זיינע פיין־ליטעראַרישע ווערק ביים ברעג ים. האָט אַ טיעפער אומעט אויף מיר געוויי־עט: — פונ׳ם ים און פון רייזענ׳ס ערצעהלונגען. האָב איך אַרויפגעשמייכעלט צו גאָט׳ס הימעל און געפרעגט: וואָס איז, אַ שטייגער, ווערט רייזענ׳ס אַ מענש, נ אָ כ ד ע ם ווי מען האָט איהם באַשריעבען? צומביי־שפּיעל, און אַז עס האָט געטראָפען אַזוי, און אַזוי? צומביישפּיעל, ביזטו דען, מיין ליעבער רייזען, מחויב אַלע דיינע שטילגעהענדיגע מענשען מיט דיין אייגענער קינסטלער־נשמה אנצוטון און זיי מיט פרעמדע נעמען אָנצורופען? צומביישפּיעל, צו וואָס דאַרפסטו עס? פאַרוואָס גיסטו נישט — ווי אין דיינע ליעדער — זיך אַליין אין דער אַליין־איגסטער פאָרם, וואָס עס איז נור מעגליך? פון וואַנעט ווייסטו (איך רעד פון מיין א י י־ג ע נ ע ם, העכסט־פערזענליכען שטאַנדפּונקט!), אַז דיין העלד הייסט אַזוי און אַזוי? און פאַרוואָס, אָה, פ אַ ר ו ו אָ ס טוען זיי אַלע באַגעהן אַזעלכע העכסט־

געוועהנליכע, דאָך העכסט־באשרייבליכע זאכען? צום־ביישפיעל, פארוואס איז נישט זייער לעבען אזוי לאנג־וויילינ, לאנגווייליג און אהן הויך־אינטערעסאנטע אינ־צידענטען ווי... מ י י נ ס, ווי י ע נ ע מ ס?

רייזענ׳ס ביכער זיינען אזוי קערנ׳דיג און נוצליך, ווי זיי זענען שעהן, און אזוי אויפריכטיג, ווי זיי זענען פול מיט איידעלען הומאָר און מיט מאָטיוו־פארביגקייט. נור די מענשען — די מענשען זענען, די נישט־ענט־דעקטע, נור ערפונדענע מענשען, אין זייערע גלייכע גענג, אין זייער אלצו־מענשליכקייט, אין זייער בענקען נאָך דעם ביסעל גליק וואָס אך! ווען וועלען זיי עס שוין געניסען? — די דאָזיגע מענשען, זאָג איך, האָב איך נישט זעהר ליעב. זיי זענען מיר נישט גענוג פרעמד. איך קען זיי כמעט אלע פערזענליך.

רייזען דער קינסטלער קאן ערפינדען דאָס א ו נ־ג ע ו ו ע ה נ ל י כ ע, אפילו אין דער געוועהנליכסטער זאך, אָבער רייזען דער שרייבער פארגעוועהנליכט אלצ־דינג, מיט אן אנהויב און א סוף און אינדערמיטען און דאָס איז א שאָד!

# יוסף יפה

ליעדער. אַרויסגעגעבען פון מ. גורעוויטש.

אין זיין הארט־עברי׳דיגען „אריינפיהר“ צו יוסף יפה׳ס ליעדער, זאָגט אונז דער אריינפיהרער, דוד פינסקי אז יוסף יפה זינגט דער עיקר פון ליעבע אז ער יוכצעט פון ליידענשאפט, אז אין זיינע ליעדער איז נישטאָ קיין אָנגערוקטקייט אָדער עפּעס געוואָלטעס, אז זיי זענען שקאָצעקיוואטע, אז ער איז א געזאלבטער פון גאָט און אז ער (פינסקי) האָפט, אז יוסף יפה וועט איינגעמען די שטעלע אין אונזער ליטעראטור, וועלכע ער פארדיענט. אָבער וואָס פאר א שטעלע יוסף יפה פארדיענט „איינצונעמען“, זאָגט אונז נישט דער אריינפיהרער. מיר שטויסען זיך בלויז אָן, אז ער דארף איינגעמען די שטעלע פון דיכטער, וואָס זיין ספּעציאַליטעט איז ליעבע. דאָס הייסט דיכטען דיכטעט ער וועגען פארשידענע אנדערע ענינים אויך, נאָר די ליעבע — דאָס איז זיין שטארקע זייט, זיין פעלזען פון גיבראלטאר, זיין פּאַנאַמאַ־קאַנאַל.

מעג געזאָגט ווערען, און טאַקע דאָ־אָ, אין מיטען דרינען, אז איך האָב נישט ליעב די דיכטער וואָס ספּעציאַליזירען זיך, וואָס פיהרען איין אין דער דיכטונג די אמעריקאַנישע מאָדע פון איינטיילען די ארבייט אין סעקציען — כדי עס זאָל געהן שנעלער. דיכטונג איז נישט קיין שניידעריי, וואו איינער ספּעציאַליזירט זיך

אויף אָננעהען קנעפּלעך, און אנאַנדער ספּעציאַליזירט זיך אויף מאַכען ארבעל. איך האָב מיין חשד אויף אַלע דיכטער וואָס פּאַרלאַהקאַפּילאָוויצען די ליטעראַטור, וואָס שרייבען בלויז קינדער לידער — וועגען קינדער ביז פּערצעהן יאָהר. אָדער שרייבען ב ל ו י ז עראַינערונגען פון ארץ ישראל, אָדער באַשרייבען בלויז אידען מיט שוואַרצע בערד און גישט קיין אַנדערע.

דער אמת'ער דיכטער, פּונקט ווי דער אמת'ער שניידער, מאַכט אַ גאַנץ שטיקעל ארבייט. ער קאַן אויך באַזינגען אַלע טיילען פון דעם מענש'ס נשמה, אַלע איהרע רעגונגען, איהרע קאַמפּען, איהרע חלומות. ער איז אפשר גישט אַזוי „עפישיענט" ווי דער ס ע ק ש אָ ן - ד י כ - ט ע ר, נישט אַזאַ שנעלער באַלמעלאָכע, אָבער ער איז גרינטליך, ער איז דורכאויסיג, ער איז אַ גענענדיגטער לידער מאַכער, וועמען איהר קאָנט לאָזען רופען צו זיך אַ היים און זיך הייסען נעמען די מאָס אויף אַ גאַנצען נשמה־אַנצוג — פון אַ קראַוואַטעל, ביז אַן אויבער־ראָק, ביז אַ פוקסענעם טוליפּ.

יוסף יפה, אַלס ספּעציאַליסט אויף ליעבע, איז אָבער אַן אָ פּ ש ט א מ ל ע ר פון אַ רב. ער שטאַמט פון אַ רב, ער איז אַן אוראייניקעל פון רבנים און — מיט דוד פּינסקי'ס אייגענע ווערטער — „דער שפּראָץ פון לאַנגע דורות רבנים ביז צו רב מרדכי יפה, דער בעל־הלבוש". און אַלס אַן אָפּשטאַמלער פון אַזאַ גאָל־דענער פאָהן, איז עס אפשר געווען אַ טעות פון יוסף יפה'ס זייט, וואָס ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף אַזאַ נישט אידישער זאַך ווי ל י ע ב ע.

יפה'ס לידער האָבען דעם נאָכקלאַנג פון אַ זעלבסט־געמאַכטער אַלטמאָדישקייט, וועלכע האָט נאָך נישט דעם רייץ פון טראַדיציע, דעם כישוף פון דיסטאַנץ. יפה זינגט וועגען זיין זינגען, אויף אַזאַ אַלטמאָדיש־אידישען אופן, קלאָגט זיך, אז מ'לאַכט פון זיין מוזע, רעדט פון זיין ל י ע ב ל י כ ע ס ליעד, און פרעהט זיך, אויף

בלעטעל 75, ווען ער גיסט זיך צוזאמען מיט זיינע טענער און „הילכט אין די פרעכטיגע שירים, פון הערליכען, הימלישען רוים". נאר פלוצלינג ווערט אלעס פארשוואונדען. יוסף יפה ערוואכט פון זיין טרוים (א גראם צום פריהערדיגען „רוים"), אבער ביי איהם אין הארצען בלייבען פיעל טיפע סמנים:

„דאס זיינען די טענער, די לידער
און זיי גיס איך אויס אויף פאפיער."

שוין באלד פון אנהויב פון זיין בוך, רעדט יוסף יפה וועגען „לידער קינדער". אויף בלעטעל 19, האט ער אפט א „לידעל־קינד" און זיין לעבען איז ליעב און לינד. אויף זייטע 21, זינגט ער זיך זיין לידעל און איז לוסטיג. זיין גאנצער טאן איז אזא פראפעסיאנעל־דיכטערישער, פול מיט די ספעציעלע ליידען פון דער פראפעסיע, מיט די יסורים וואס מ'שטעהט זיך אויס פון דער מוזע און פון דעם צער וואס מען מוז א מאל נעמען א שפאגעל נייע שורה און זי צעשפאלטען אין מיטען, כדי זי זאל א ר י י נ ג ע ה ן:

„זאגט מיין ליעבסטע: ס'איז מיר שטארק
טרויעריג צו מוט... (43).

אדער:

איך קוק מיין ליעבסטע אין געזיכט
און גאנץ פארוואונדערט. גאר
אין גאנצען איז דאס שוועסטערעל
נור אינגער מיט צוויי יאהר. (54).

אדער:

און איך געה האס פון מיין ליעבער
ראבעלען אצינד. (51).

אדער:

אין מיין הארצען ציהט און בלאנדזשעט
אום אן אונבאשטימטער טאן. (37).

אדער:

הורדא, אך! אט קומט זי, אט איז זי שוין דא

אָה, נחת, מיר זעהען אונז ווידער. (40).

יוסף יפה איז זיך באוואוסט יעדע רגע פון זיין שרייבען, אז ער שרייבט. און אפילו מיט זיין אונשולדיגע פעטער, פון בלעטעל 46, האָט ער אויך אַ שמועס מכח זיינע ליעדער־קינדער. און דער פעטער — ווי אלע קאָנסערוואטיווע פעטערס — זאָגט איהם, אז ליעדער מוזען זיין הייסע, אידישע און רעכטע, און זיינע (יפה'ס) ליעדער האָבען גיפט, זיינע ליעדער זענען שלעכטע. נאָר יפה קימערט זיך נישט שטארק. זאָל דער פעטער, טראכט ער, ווערען קעלטער. האָבע, דאָבע קריגט איהם האָלט, דאָבע, דאָבע קריגט איהם הע ל ט ע ר.

ס'איז באקאַנט: די עכט־זשענטעלמאנישע מאַנירען געפינט מען נ י ש ט ביי די זשענטעללייט, נאָר ביי זייערע דיענער. טאנץ־פּראָפעסאָרען און לאקייען האָבען די פיינסטע מאניערען אין דער וועלט. אין אַן אריסטאָקראַטיש הויז איז קיינער נישט וועניגער אריסטאָקראטיש ווי די אריסטאָקראטען זעלבסט. און אזוי — ביז אַ געוויסער מאָס — איז אויך אין דער וועלט פון שורות־און־אותיות. דער אמת'ער דיכטער, פיהרט זיך נישט אויף דיכטעריש, האָט נישט קיין דיכטערישע מאניערען, רעדט נישט פון זיין מוזע, איז נישט פ ר אָ־ פ ע ס י אָ נ ע ל.

און וועגען יוסף יפה'ס ליעבעס־ליעדער: דאָס זענען נישט קיין קיין ליעבעס ליעדער, נאָר ל י ע ד ע ר־ ל י ע ב ע ס. ליעבעס וואָס ווערען געפיהרט ספּעציעל צוליעב דעם, אז מ'זאָל זיי קאָנען אויסדריקען אין ליעדער. אמת'ע ליעבע שטאמעלט, רעדט נישט־קלאָרע רייד, זינגט מיט די אויגען, קומט דאָס ארויס נישט דייטליך, פארנעפּעלט. אָבער יפה'ס ליעבעס־ליעדער זיינען העל, ווי זייגער צוועלף בייטאָג, און זייער פייער איז נישט קיין ה י מ ע ל פ י י ע ר וואָס פאלט ו ו א ו עס פאלט. נאָר אַ גוט אָנגעשטעלט הויז־פייער, מיט אלע געמיטליכקייטען פון קלאנג און מעטער, מיט אלע קאָמפּאָרטען

פון פארענדיגטקייטען, פון אָבגעקיילעכדיגטע אפאָריז־מען.

ער זינגט:

„ווי איך האָב אייך, ווי איך ליעב אייך,
הייסער אימער, שטארקער אימער,
פאלש — געטרייע, גאל — פארזיסטע,
גאָט פער... (אָנמערקונג פון מ. נאדיר: מיינט
איהר דאָך פער . . . שאָלטענע, לאָזט זיך
אוים) —
גאָט פער . . . ש ט ע ל ט ע פרויענצימער!"
.(24)

אָדער אַן אנדער מוסטער פון יפה'ס ז א נ פ ט ע, דינע ליעבע, וואָס איז אזוי אידישלעך קלוג, אזוי אוים־גע'מח'ט — מיט א פארשארצט היטעל:

„גאָט געטרייער, ווילסט מיך שטראָפען,
האָסט דאָך וועגען אָהן א צאָהל;
ש ט ר אָ ף מ י ך א י י נ צ ע ל ו ו י י ז
מ י ט ה ו נ ד ע ר ט,
'ש ט אָ ט מ י ט ז ע כ צ ע ה ן א ו י ף
א מ אָ ל !..." (25).

אזוי זינגט יוסף יפה, דער אָ פּ ש ט א מ ל ע ר אָ פון דורות רבנים. ער זינגט און פארטייטשט. ער ליידט און פארטייטשט. ער ליעבט זיין דאָבעלע'ן (מערקט אייך: א געליעבטע וואָס הייסט דאָ־בע־לע!) און פאר־טייטשט יעדען קנייטש פון זיינע ליעבליכע ליעבעסגע־פיהלען, און „שטרוי", זאָגט ער „אין הארץ מיר אייפערזוכט, אָבער טרייב עס נישט ווייט..."

נישט צו ווייט, אלץ מיט א מאָס, מיט א תכלית. ווילסט דאָבעלע, אז דיין געליעבטער זאָל זיין אייפער־זיכטיג? גוט. אָבער למע"ה, דאָבעלע, אָדער אָלגא'לע, „שטרוי נישט אין הארץ צ ו פ י ע ל אייפערזוכט." א קאפּעטשקע פון צייט צו צייט — מהיכא תיתא! אָבער

נישט צופיעל. און הורא אך! ווען איך וואלט כאטש
געוואוסט, אז אַלגאַ גלעט מיך מיט ליעבע, און

נ י ט נ אָ ר ג ל אַ ט א ו י ס מ ע נ ש ע נ־
פ ל י כ ט...(68).

וואָלט איך געווען הורא, גליקליך! אָבער דערווייל —
„צו וואָלט נישט געווען פיעל
גלייכער, פיעל בעסער
דעם אייביג גערעכטען „איך"
צו באַצווינגען?"

דער אידישער טרובאדור, ביי וועמען די ליעבע איז, ווי פינסקי זאָגט, אַ הארצבאַדירפנים, און וועלכער איז דער שפּראָץ פון לאַנגע דורות רבנים, וויל זיך נישט אריינלאָזען אויף „גיפטיגע בליקען וואָס ברענען און שטעכען", און „גרויזאַמע ווערעטער וואָס שניידען ווי מעסער", ער וויל בעסער באַצווינגען זיין „איך" און נישט שטעלען אַ הארץ אין סכנות, צוליעב אַ נישט ווירדיגען שטיקעל נצחונות.

בעסער און איינגעגעבענער ווי יפה'ס ליעבעס־ליעדער, זיינען זיינע גרינג־געמיטיגע זאַכען. אויך דאָ איז ער נישט קיין שטיפער. אַ שטיפער מוז זיין גרינג אויף די פיס. און יפה איז אַ שווערפיסיגער מענש, אַ תלמיד־חכם, אַ זשענטעלמאַן. יפה לייגט צופיעל כבוד אויף זיך אליין, און אויף זיין דיכטונג, צו קאָנען באמת שטיפען, צו קאָנען ווערען לייכטזיניג, נאָנסענסדיג. אָבער ער האָט אַ געמיטליכען טאָן, אַ רוהיגען אָבער קלוגען — אפשר אויסגעקלוגעלטען, אפשר אביסעל צו קופּלעטיש, אפשר צו ווענינ מענשליך, צו ווענינ פיעטעטפול — (מיכל קאפלאן קאן דאָס בעסער!) אָבער ס'איז דער איינציגער טאָן וואָס ער האָט, וועלכער איז נישט אָנגעהויבט פון היינריך ה., פון ראָזענפעלד'ען („ווידער איז אוועק דער שבת, ווידער קומט די ארבייטס וואך", דערמאָנט אן „ווי־

דער איז דער מאי געקומען", עטצ.) פון ווינטשעווסקי'ן ("זיי ציהען זיך לאנגזאם, אהן אויפהער זיך שלעפענדיג... נאר טרערען רק נייע און ימים אנשעפענדיג") און די אנדערע אידישע דיכטער — אלטע און עלטערע.

מוסטרען פון יוסף יפה'ס בעסטע שורות פון די בעסטע סטראפען, פון זיינע בעסטע ליעדער (איך שטרייך זיי אונטער):

...און ווי 'ך זי ליעב, צו זאגען איהר,
דאס קאן איך נישט, דאס פיהל איך נאר.
און פיהלט זי אויך אזוי —
ווי וואויל איז מיר!
און פיהלט זי נישט אזוי
ווי וועה איז מיר! (35).

„מיר זאלען זיין גליקליך צוזאמען
האב איך זי געקייט מיט א רינג"...
(פונ'ם ליעל „די קייט".)

„דאך דו ליידסט פון מיר פיעל מעהרער:
ווער עס זינדיגט, דער לייד'ט שווערער.
וויין און זאל דיך גאט דער-
הערען.
וויין און דיר זאל לייכטער
ווערען!
(פונ'ם ליעד: „ס'איז גענוגו")

נחת'דיג און אייגענארטיג-הומאריסטיש זענען די ליעדער „מיין ווייב'ס מציאות", „די שטרענגע וואך", „פאהר איך מיר אין מעמעל", „מיין הינטעלע" (דאס דאזיגע ליעד איז, ווייסט אויס, דער עלטער-זיידע פון מאני לייב'ס „אינגעל, ציגעל, כוואט". אדער האט מאני לייב געשריבען זיין פאעמא פריהער? ביטע צו

ענטפערען, פערזענליך!) און „דעם שליאכטשיטש'עס דאנק".

* * *

שלעכט, אי. שלעכט, איז יפה'ס שפראך, נישט קלאנגיג, פארדייטשליכט, און סע שמעקט מיט די בראשורען פון בונד. „מענשענפפליכט", „אגיטאציאן", „ליעבליכעס ליעד", „קאפאיעט זיך", „מוזיצירען", „א קוסעל", „ברעגעלע", „א מאכל'ע", „לאסצענען", „פורפור ליפעלעך" (דער לע און לעך איז ביי יפה'ן אן אפטע ערשיינונג!) „יוכצט" (א פינסקי'איזם), „שטעלט זי קאלט זיך אן", „רייכסט מיר", „זאנפטע חלומות", „דאן קומט זי שוין ווייט".

ביי יפה'ן זשוכעט ס'טייכעל, און „זיי וויסען פון ליעבע א האר נישט". „ראזען" (א גראם צו „פערלאזען". ווען ס'זאל זיין „רויזען" וואלט געווען ביטער ווי גאל!). דאס לעבען איז ביי איהם „ביטער א שרעק". אן אלט פנים האט ביי איהם קנויטשען! (נישט קנייטשען, נאר קנויטשען!) מענשען ערצעהלען ביי איהם („ערצעהל דאך, ענדיג דאך פאר מיר!" — 98). און אזוי ווייטער.

דער ארויספיהר פון מ. נאדיר: ניין, פריינד פינסקי. יוסף יפה איז נישט קיין ליעבעס־דיכטער. צווישען איהם און דער נאן־פלוס־אולטרא'קייט פון זיין ליעבעס־דיכטונג ליגט א גאנצער היינע... אבער זיינע לייכטע ליעדער זענען דורכגעטאפט מיט'ן אויער, זענען מוזיקאליש און ווען זייער לייכטקייט וואלט נישט געווען אזא אנגעשטרענגטע, וואלטען זיי געווען באמת אנגענעם.

## „חרוב'ע וועלטען"

אַ בוך פון א. ש. זאַקס.
„ליטעראַרישער פאַרלאַג".

א. ש. זאקס האָט מיר פערזענליך איבערגעגעבען זיין בוך, שלעכט איינגעפאַקט, ארומגעבונדען מיט א דיק שפּיגאַטעל און אויף דעם ערשטען בלאט, וואָס טראָגט דעם נאָמען־אויפשריפט פון'ם ווערק, איז געווען פון אויבען אָנגעשריבען:

מאַישע!
נאדיר!
— א. ש. זאקס.

האָב איך עטליכע מאָל געקוקט אויף דעם דאָזיגען אויפשריפט און איך האָב געטראַכט דעם העכסט־פאָלגענדען, זעהר רעוואָלוציאָנערען, אָדער — ווי דר. זשיטלאָווסקי שרייבט — רעוואָליוציאָנערען געדאַנק:

„צי איז מעגליך, אז א מענש
וואָס קאָן נישט פאַרפאַסען
קיין קלוגע בוך אויפשריפט
זאָל קאָנען אָנשרייבען א קלוג בוך?"

אהא, מיר'ן זעהן. מען קאָן נישט וויסען. למאי איז ראַלניק אזא שוואַכער בריעף שרייבער? למאי איז מנחם אזא גלענצענדער רעדנער? למאי שרייבט א. גלאַנץ אזויגע פּראַכטפולע לייט־אַרטיקלען? למאי קאָן אַש נישט רייטען אויף קיין פערד?

אזוי האָב איך גערעדט צו זיך אליין, כדי 1), איך

זאָל נישט הערען די שטימע פון א. ש. זאקס׳ס חרוב׳ע וועלטען, וועלכע זענען חרוב געוואָרען אויף 254 זייטען, מיטעלמעסיגער פאָרמאַט, כדי 2), איך זאָל נישט פאַר־נעמען דאָס פ אָ ר ק ו נ ע ן פון זיינע ליטווישע מענ־שען, וואָס זענען — כמעט אויף יעדער בוך־זייט — פול מיט טיפער ליעבע צו לאָקשען און מיט דעם ברייט־ליך־צעזונגענעם נקבים־גדולים־וקטנים־דיאלאָג פון בלע־טעל 16.

עקעלהאפטער מוסטער (נאָכדעם ווי א. ש. זאקס האָט שוין אָפּגע׳נקבים׳ט עטליכע מאָל אין די פריהערדיגע שורות):

— רבי!!

—דהינו, וואָס?

— איך וויל אויף נקבים.

— נקבים גדולים, אָדער נקבים קטנים?

— נקבים גדולים!

זאקס׳ס אידיש איז נישט ניי־אידיש, אויך נישט אלט־אידיש. עס איז זאַקסיש. אפשר אנגלאָ־זאַקסיש? אפשר טאַטעריש. קינדער זענען ביי איהם —

פופנעקלעך.
פופציקלעך.
פופציקעס.
האָליפופעס.
פיזאקעס.
מאזורקעס
באיבאקעס.
וועווריקלעך.

אלצדינג — נאָר נישט קיין קינדער. ביי זאקס׳ א הוסטענדיגען מענשען געהט יעדער „וואָרט ארויס פון מויל מיט א שטיק ש ל י י ע ן" (דערלאנג מיר די אמאָ־ניאַק טראָפּען, ליעבע פרוי!)

א. ש. זאקס איז נישט קיין דיכטער. ער איז, פאַר־קערט, זעהר א פּאָפּולערער וויסענשאפטסמאַן. פון אזא

איינעם ווי ער, האָט מען געמענט ערוואַרטען אַז די גראַ־
מאַטיקאַ וועט ביי איהם זיין הייליג און אַפּגעהיט. אָבער
— הויכפּאָעטישער טאָן — וואָס זאָל זאָגען דער מענש
וועמעם הונגעריגע אויערען ווערען געשפּייזט אויף אַזוינע
ווערטער ווי „ער האָט א ו נ ט ע ר נ ע ט ע נ י נ ט
מיידעלשע הערצער“ (אַנשטאָט פאַראונטערטעניגט), און
„א ו נ ט ע ר ג ע ש ט א נ ע נ ע ר משרת“ (בלעטעל 79)
און וואָס זאָל טון דער מענש וואָס גלויבט נישט, אַז אַלע
ליטווישע אידען גיבען זייערע שבת־אורחים צו עסען אַ
גרויסע ז י ל ב ע ר נ ע שיסעל, מיט לאָקשען? וואָס
זאָל טון (אָ, מיר ווערען געהאַסט און געטריבען!) אַ
מענש ווי איך, אַן איידעל קינד, אַ שטיקעל אפּיקורס
וואָס גלויבט אַז זאַקס'ס וועלטען זענען ערשט חרוב גע־
וואָרען דורך זאַקס'ס בילדער, וועלכע זענען פלאַך אין
אַלע דריי דימענזיען? וואָס זאָל טון דער נישט גלויביגער
וואָס האַלט אַז זאַקס' וועלטען וועלען — פון דעם אמת'ן
קינסטלער — מוזען צוערשט אויפגעבויט ווערען, כדי
מען זאָל זיי קאָנען ק י נ ס ט ל ע ר י ש חרוב מאַכען?
זאַקס'ס „חרוב'ע וועלטען“ זענען נישט קיין בוך, נאָר
אַ ריעזיג לייט־אַרטיקעל, מיט בראַנשען אויף דער פּראָ־
ווינץ און אַלס לייט־אַרטיקעל איז עס שוואַך געשריבען.
אַ גוטער לייט־אַרטיקעל שרייבער וועט נישט זאָגען, אַז
„דער קעלמער מגיד האָט שטאַרק ליעב געהאַט די אידען.
ער האָט זיי ג ע װ ו א ו נ ש ע ן גליק“ (109). אַ
פּאַרזיכטיגער פּובליציסט וועט נישט זאָגען, אַז נאָך
מנחה האָט זיך די זון „אָנגעפאַנגען צו ל י י ג ע ן“.
זאַקס'ס בוך איז נישט שלעכט געשריבען — עס
איז א י ב ע ר ה ו י פּ ט נישט געשריבען. עס איז
ג ע ז א ָ ג ט ביי אַ שבת־טיש נאָכ'ן עסען, בשעת מען
שטעכט זיך די ציין, און מען געניצט געמיטליך צווישען
די פינגער. עס איז דאָס אונגעשריבענסטע בוך, וואָס
מיר האָבען ווען־עס־איז געלייענט! עס ערקלערט נישט
די גנאווילע שעהנקייט פון אונזערע מנהגים — נאָה

פארקערט. עס ע נ ט ק ל ע ר ט, עס צענעמט — בדרך משל — דעם שעהנגעשניצטען ארון־קודש פון אונזערע לעבענספארמען, און גיט איהם איבער, אין קליינע, נישט צענויפגעשלאגענע, וואכעדיגע שטיקער פון פאר׳יצחק־אבן׳טער באגייסטערונג פאר דאס אלט־אידישליכע, פאר דאס קלויזליכע, פאר דאס בטלנ׳ישע, פאר דאס ליידיגע.

אין די „חורב׳ע וועלטען" דערהויבט זיך א. ש. זאקס צו דער מדרגה פון א נאטור־שילדערער, וואס שילדערט אויף וואס די וועלט שטעהט. וואס ארט עס איהם? פרויען ליידען פון שוואכע נערוועז, מאנסביל שפרינגען פון די בריקען, איטאליענער שניידע זיך איבער די העלזער, בחורים האבען חתונה מיט זייערע אייגענע כלות און ער — שילדערט מיט אלע כחות. ער שילדערט די „ערשטע שטראלען פון דער מארגענזון", ער שילדערט א איד וואס קאן נישט קיין עברי און וואס „א כתב־יד איז פאר איהם א פ א ר ז י ג ע ל ט ע ר בריעף" — ער שילדערט מענשען, וואס עסען לאקשען און מענשען וואס ש ט ע ה ע ן אויף און עסען לאקשען. ער שילדערט אידישע טעכטער וואס מען „בארעדט זיי" און אידישע טעכטער וואס זענען „ריין און אונשולדיג ווי א בלום" ער שילדערט אינגלעך וואס געהען אין חדר אריין, און אינגלעך וואס געהען דוקא אין — א העכערען חדר אריין. ער שילדערט זיינע אייגענע באריוזטקייט, און ער שילדערט די גוואלדיגע נאטור־שעהנקייט פון זיין שטעדטעל, וואס טאקע „נאר א קינסטלער וואלט עס געקאנט באשרייבען". ער שילדערט ווי פיין און וואויל די ליטווישע אידען זענען און פארקערט: ווי אזוי זיי זענען נאך א סך פיינער ווי דאס! ער שילדערט ווי אזוי אידען פייערען זייער פסח מחמת עס איז דער יום טוב פון פרייהייט, (זעה די הגדה פאר ווייטערע אינפארמאציע!) און ווי אזוי זיי עסען קניידלעך און מצה און מרור און חרוסות. ער שילדערט ווי אזוי אום שבועות עסען אידען בלינצעס און תשעה־באב — פאסטען זיי. ר"ה דאווענען זיי און

יום כפור בלאָזען זיי שופר. אנטקעגען־זשע שמחת־תורה זענען זיי דוקא פרעהליך און (שטעלט זיך פאָר די אי־בעראשונג!) זיי געהען מיט הקפות. עהרענוואָרט! חנוכה שפּילען זיי אין דריידעל און — מערקט אייך! — פורים איז שוין גאָר אן אנדער זאך. גאָר נישט צו דערקענען אז ס'איז דיזעלבע אידען!

* * *

דאָס בוך „חרוב'ע וועלטען האָט דריי איינטיילונגען. איינס: „זיטען און מנהגים". צוויי: „ליטווישע אידען". דריי: „שמחות און אבילות". דער לעצטער אבטייל איז אפשר דער בעסטער — כאָטש אויך דאָרט איז אלצדינג אזוי בלוט־אָרעם, אזוי בלאס, אזוי נישט־פון־דער־נשמה־ארויס, אזוי טאָגיג־פארגראָהט, אזוי אָט־זעץ־איך־זיך־אוועק־און־גיב־דאָס־א־שרייב־אָן. ס'פעהלט די נישט קלאָרקייט פון דעם אמת, די פארוואָלקענטקייט, דאָס נישט־אויף־אן־אָרט־שטעהן, דאָס זיגזאגישע, וואָס דריקט מיט זיך אוים דעם לעבענס־ריטם, דעם לעבענס פּולס, דעם אמת.

אָבער דאָ און דאָרט טרעפט פון דעסטוועגען א קאַ־פּיטעל וואָס איז אָנגעוואָרימט פון שכל'דיגער ליעבשאפט פון פארגעבונג פאר דאָס נישט פארביגע, נישט־פּיקטור־רעסקע אין אונזער לעבען.

איך ברענג דאָ די בעסטע ציטאטע פון זיין בעסטען קאפּיטעל „די ערשטע סליחות", כדי מען זאָל נישט זאָגען אז איך בין א שלעכטער מענש און א נ ט י ־ ל י ט ־ ו ו י ש. אָט איז עס:

„ענגעץ וואו דרעהט זיך א חולה אויף זיין בעט, וואו זיינע וועהען לאָזען איהם נישט רוהען און צעווייינט זיך, ווען צו זיינע אויערען דערטראָגט זיך אבא'ס אומעטיגער הארצנאָגענדער (דער „הארצנאָגענדער" איז איבריג! — מ. נאדיר.) פּזמן „שטארקט זיך לעבודת הבורא!" „שטעהט אויף צו די ערשטע סליחות„. דער ווינט פייפט און ברומט (דער „פייפט" איז איבריג. — מ. נאדיר.) און

לאָזט אַרוים אַלערליי משונה'דיגע קולות. די בלעטער פון די פייכטע ביימער וואַרפן זיך איינע אויף די אַנדערע און סוד'ען זיך. ניט ווייניג פון זיי פאַלן אויף דער ווייכער בלאָטיגער ערד. פון דער ווייטנס טראָגט זיך דער רוגזה'דיגער געוויש פון די וואַסער אין טייך וואָס פליסט און פליסט אָהן אויפהער, אָהן אַ צוועק".

# יוסף ראַלניק

ליעדער: פאַרלאַג „אינזעל".

אַן אומטיגער טאָג. מיין ליכטזיניגע נשמה איז קאַלט און פאַרנעצט. טו איך אַ נעם ראַלניק'ס ליעדער־בוך. ס'אַרא שווערער פּאַליאַנט, און אַזעלכע ווייטע גראָה־זאַמדיגע ברעגען. אך, גאָט! פאַרוואָס איז דער מענש נישט אַביסעל באַשיידענער? פאַרוואָס גיט דער דיכטער פון פול־פערזענליכען אַזאַ גרויסען פּלאַץ אָפּ דעם ליי־דיגען? די נישט־פאַרשריבענע ראַנדען?

יוד ראַלניק'ס וועג איז נישט אַן אונענדליכער און פאַרשטויבטער מדבר־וועג, וואָס פיהרט אין ערגעץ נישט, אפילו נישט טיפער אין דער מדבר אריין, וואו מען קאָן פון אינטערעסאַנטע, פול־בלוטיגע לייבען פאַר־צוקט ווערען. זיינע לאַנדשאַפטען: אַזעלכע וואַסער־פאַרביגע, אַזעלכע אונאַפעטיטליכע. ווער, פרעגט מ. נ., וויל דאָס אַרומוואַנדערען אָהן אַ באַשטימטען מאַרש־רוט, אָהן אַ צוועק? זאַמדיגע וועגען — פפוי, עס לאַנג־ווייליגט מיך און איך וויל שלאָפען. זאָל איך דיר ווינשען אַ גוטע נאַכט?

פערזענליך: ניט פיין פון דיר — איך איהר'ע דיך נישט — קאַלטע ראַלניק! (אין דער אויסגעטראַכטער דיכטער־רעפּובליק, לכל הפחות, קאָן איך זיך ערלויבען צו זיין אריסטאָקראַטיש־פיין, מאַניערליך). פאַרוואָס פאַרבימערסטו מיר ס'לעבען מיט דיינע ליטווישע לידער, פון וועלכע עס ווערט אַזוי אונהיימליך, אַזוי ביטער?

י. ראלניק! דיינע סטראפען פארשיכור'ען נישט, און איך וויל נישט ניכטער זיין. צ ו ניכטער בין איך דערצו! צו ווייניג לופטיגקייט איז פאראן אין דיינע ליעדער — י. ראלניק, מיין פערזענליכער גוטער־ברודער.

געזאנג: הייסט דאך ריטהם, לופטיגקייט, א פלינקער הארץ־ציטער, און דו מיין געטליך אונמעכטיגער, אלץ פארגראהענדער יוד ראלניק, ביזט נישט מוזיקאליש, נישט אפערעטיש. דיינע געזאנגען האבען קיין גוטען ריטהם נישט. דיין ליעדער־לופט שטיקט, איז שווער, און דיין ליטוויש הארץ ציטערט אזוי מעלאנכאליש־לאנגזאם, אז מיין אייגען פאראומערט, אפערעטיש הארץ הויבט אן לאנגזאמער שלאגען און ס'ווילט זיך אנטלויפען ערגיץ ווייט, ווייט.

לאנגזאם־לאנגווייליג, ווי די לעצטע טראפענס פון אן אויסגעטרוקענטען ברונען־עמער, וואס הענגט אין לופטען (אין מיינעם א ביכעל) אהן יעדען ציעל און צוועק, טריפען י. ראלניק'ס ריין־פערזענליכע טרעהרען; פאלען אין דער נארישער אונענדליכקייט אריין און געהען אוים אהן דראמאטישע וועלט־עפעקטען.

פארוואס ביסטו אזוי פאראיינזאמט — י. ראלניק, מיין חבר? וואס פעהלט דיר דען? האסט זיך, כ'לעבען, געמעגט ערלויבען זיין אביסעל געזעליגער, קאלעגיאל־אפערעטישער, האפיז'דיגער.

און זאגען אייך, געעהרטער י. רייז, א סוד? מיר איז ווארימער אינ'ם קארגען שיין פון דעם פרעמדען און פארפרעמדענדען מיר־גאנץ־אונפארשטענדליכען האפיז, ווי אין דער איבערפליסענדער, קלוגער שנעעליכטיגקייט פון דעם היימישען און איבערדריסיג־נאהענטען ראלניק.

איך מיש די בלעטער און... עס שנייט אלץ אין ראלניק'ס ליעדער. פארוואס רעגענט נישט אביסעל אין דיין היימאט, ראלניק? פארוואס קנאלט נישט א דונער און

דערשלאָגט נישט עטליכע פעלד־וואַנדערער ? פאַרט פרעהליכער !

ס׳איז אמת : שניי־לאַנדשאַפטען זענען קלאַסיש־שטיל, נירוואַנאַ־פאַר׳חלום׳ט, דעקאָראַטיוו. אָבער נאָר פאַר מענשען, וואָס זענען קראַנק ביז נאָרמאַליטעט. איך בין געזונט און דעגענערירט, און מיין בלייך־אַריסטאָקראַטיש בלוט ווערט פון דיין שניי נישט געוואַרימט, ראָלניק מיין גרויסער דיכטער ! איך זוך — דעם אָריענט און זיין פאַרביגע אויסגעלאַסענקייט.

גאַנץ אומעמפינדליך ביזטו, י. ראָלניק. — צו דיין מוטער־ערד וועלכע איז אַזוי געשמאַק מיט זון־פוטער־שטראַהלען באַשמירט. אפילו די וואַרימע גוט־שווע־סטערליכע שויסען האָבען דיר געגעבען בלויז צוויי ליעדלעך. נישט מעהר. צוויי ליעדלעך — באַ ! אוי־בערפלעכליכע נאַטורען מיינען, אַז ראָלניק אידעאַלי־זירט דאָס קליינע ליטווישע לעבען, אָבער טיפע בעאָב־אַכטער ווייסען, אַז ראָלניק׳ס אָרימקייט איז נישט קיין לעבענס־אידיל, נור אַ לעבענס־מאַסקאַראַד, נישט זיין פראָגראַם־מאַקסימום, אינ׳ם לשון פונ׳ם סאָציאַליסטי־שען וואַנדאַלענטום, נאָר זיין פראָגראַם־מינימום, נישט א רעכטער טויער צו זיין אייגענער העכסט־אינטערע־סאַנטער פערזענליכקייט, נאָר אַ פאַנטאַסטיש־טירעל צו דער גרויסער, באַנאַלער, אָפגעשמאַקטער אונענדליכ־קייט — א פראַזע, וואָס איז מיר אליין אונפאַר־שטענדליך.

י. ראָלניק איז אויך א תנא, א וועלט־חכם. וועלט־חכמה ? צו וואָס דאַרף איך זי ? און נישט ווילענדיג פרעג איך אביסעל מיט כעס, צו וואָס רעדט מיין דיכ־טער אַזוינע טרויריגע רייד, זאָגט שלעכטע בשורות ; זעהט אין גאָט׳ס פּאַלאַצען נאָר טריבע טעג און נאַסע נעכט, ווייטער גאַר נישט. א פראַגע : און וואו זענען, א שטייגער, די רויט־גליהענדע, הויך־לאַכענדע, מיידליש־פאַרפלאַמטע טעג פון גאָט׳ס גרינער, דופטענדער ווייב־

ליכער ערד? י. ראָלניק, מיין חבר: דו געהסט אויף בלו־
טיג־פארבלאָטיגטע, זאמדיגע, דאָרניגע וועגען אָבער
ווער הייסט דיר אהין געהן? קום, מיין פריינד! טו אָן דיין
קעניגליכען שארלאך־מאנטעל־אויבערראָק און איך וועל
דיך אין די וויינגערטנער פון לעבען פיהרען, און דו
וועסט נישט מעהר איינגעבויגען געהן, און שילטענדיג
גאָט פארשווייגען און זיינע מייסטערווערק.

אך, ראָלניק, מיין גרעסטער דיכטער! עס רעגענט
אין דרויסען. מיר איז שלעכט און אומעטיג. דיר אויך,
מסתמא. דאריבער:

## אין אַ זונען־טאָג.

אויסגעלייטערט האָט זיך דער מליצה־הימעל פון
מיין נשמה. בלאנדער, לילות־בלאנדער זעהט איצט אויס
די אינטימליכע קאסיא פון מיינע „ווילדע רויזען".
איך בלעטער ווידער י. ראָלניק'ס פרימיטיוו־געבונדע־
נעם, זויבערען נאָך־ניט־גאנץ צעשניטענעם און פון
ברודיגע לעזער־הענט פארשוועכטען פּאָליאנט. (אַ גוט
אויסלענדיש ווארט, הא?) אלמעכטיג־אידישער גאָט!
ס'ארא רחבות, ס'ארא ברעניגקייט! ס'ארא פייערליך
בלענדענדע ווינטער־פייזאזשען. ווי אַ ליכטיגער זילבער־
שווערד גלאנצט ראָלניק'ס עפּיגראמאטישע שארפקייט,
זיין שטרענגע חכמה, זיין צנועה'דיגע און דאריבער
מעהר פארשייטע עראָטיק. און ווי ריינער שניי אויף
דעם ברודיג־נאקעטען פעלד — אזוי פאלט זיין נביא'־
שע טרויסט...

אַ גרויסער דיכטער ביזטו, י. ראָלניק, און אזוי
אייגענארטיגער פון מיר — ווען איך בין נישט אין
בעסטען געזונד. אריגינעלער פון זיך אליין, מיין דופּ־
טענד־דאָרניגער, הייס־געליעבטער דיכטער!

נישט נאָר דיכטער ביזטו, נאָר אַ פּערזענליכקייט
אויך, און זיין פערזענליך איז שווערער ווי שרייבען
פּערזען.

דער נישט־איבערטראָפּענער דיכטער פון דער נישט־איבערטראָפּענער טיף־אידישער פּערזענליכקייט — וועלכע איז טיף געגוג, ווייסט גאָט!

נישט נאָר פון צייט צו צייט, נאָר שטענדיג און כסדר און אויסגעהאַלטען ביזטו י. ראָלניק. דו האַלטסט פון זיך זעהר שטאַרק, און נישט פון זיי. גוט, אויסגעצייכענט. אַזוי דאַרף עס זיין. איך און דו — מיר ביידע — זענען גרעסער פון אייך אַלעמען. אַלע דאַפיר! ביזט אונאַנשטענדיג־פּריוואַט און צנועה׳דיג־אינטים. קוק זיך אָבער צו נעהענטער, דו פּעבעלהאַפט וועלט־גאַלערעע־געזינדעל, דו וועסט אין ראָלניק׳ס גרויסע לידער אויך דיינע אייגענע האַלב אונאַנשטענדיגקייטען דערקענען. און דיינע באַהאַלטענע פּערטיל־אינטימיטעטען. דען גרעסער פון דיר איז י. ראָלניק, און אויך פון מיר — וואָס איז גרויס געגוג, אהן צווייפעל. אָבער באַליידיגט זיך נישט, מיינע הערערן און דאַמען! אַזוי טוען דאָך אַלע גרויסע דיכטער. זיי האָבען אייך גאַר־נישט אין זינען — נור ז י ך, זיך אליין. נאָר זינגענדיג פון זיך, זינגען זיי שוין במילא אויך פון אייך, קליינע, אונבאַדייטענדע פּוטער־ברויט־נאַטורען. ווילט איהר דאָס גרויסע דיכטער־נביא־וואָרט הערען, געהט נישט צו סאַהיד׳ן, אויך נישט צו סאַקי׳ן, נאָר דירעקט צו האַפּיז׳ען. דיטאָ י. ראָלניק. ער וועט אייך מיט זיין קאַלטער שנייאיגקייט דערוואַרימען, אייער בלוט דערפרישען. אייך שאַרפע געזאַנגען אין די אַדערען אריינגיסען. אייער בירגער־בלוט וועט דערפון שיכור ווערען... אייער אַרמזעליגע נשמה וועט פון זיין קליינעם אונטעאַטראַליש ווייזהייטליכטעל אַ הייליגען אָפּשיין קריגען, און דער וויין פון אַלטער חכמה וועט אין אייערע בעכערס מליצה׳דיג אויפשוימען.

איך זינג: ווי טיעף, ווי עלעניש, ווי אונערשעפּליך ביזטו, י. ראָלניק — מיין האַפּיז! אַ קלוגער דיכטער ביזטו, י. האַפּיז, מיין ראָלניק, און אַ טיעפער דענקער.

נישט דער טיעפסטער פון אלע נישט־געוועזענע דענקער.
— יענע זענען נישט טיעף, ווייל זיי זענען נ י ש ט.
דו ביזט — ביזטו קלוג. מיין לאָרבער־קראַנץ דיר, י.
ראָלניק!

ס'איז גוט וואָס דו געהסט אויף זאַמדיגע וועגען! ווען דו וואָלסט נישט געגאַנגען אויף זאַמדיגע וועגען, וואָלט אויך געווען גוט. דער וועג איז דיינער — נישט מיינער. איך וויל מיט דיר נישט מיטגעהן. איך האָב נישט קיין צייט. אָבער דו אליין, דו פערזענליכער, וועסט זיכרע אויף דיינע גראָהע וועגען צום העכסטען דערגעהן, צו די אינזלען פון זעליגקייט, און האָסטו זיך א קליין־ביסעל איינגעבויגען צוליעב עפעקט — מאכט עס אויך נישט אויס. איינגעבויגענערהייט געהט זיך זיכערער, פאראדאָקסאלישער.

# מנחם

„אַ רינג אין דער קייט׳.
„ליטעראַרישער פאַרלאַג".

צו מיין טייערען יששכר שרייב איך די פאָלגענדע קריטיק אויף מנחם׳ס לידער.

ליעבער יששכר! ערשט נעכטען ביינאַכט האָב איך מיט דעם פיינעם יונגענמאַן מנחם פארבראַכט אויף א באַנקעט. מנחם איז א גאַנץ לייטישער מענש — אויפ׳ן אויסזעהן. זיין היטעל איז ווייך, דיטאָ זיין כאראַקטער. אַז ער רעדט — זינגט ער, און אַז ער זינגט — וויינט ער. ער איז זעהר אַ סימפּאַטיש מענשעל — אַ שטילס. און ווערט ער אַ מאָל וואולקאַניש, שפּייט ער מיט וואַטע. פון וואַנען? — פון וואַרשע. אָה, פון וואַרשע?! — יאָ. פון וואַרשע! — אויב אַזוי קענסטו דאָך איהם? —יאָ, אויב אַזוי קאָנסטו איהם! — דערזעלבער מנחם — נישט געענדערט זיך אויף אַ האָר! וואָס דערצעהלט ער עפּעס פון דער היים? אָה, יששכר, וועגען דעם וויל איך טאַקע מיט דיר אַ שמועס טון.

ליעבער יששכר! ווי דו ווייסט בין איך אויך געבוירען געוואָרען — נישט אין וואַרשע, נאָר ערגעץ אַנדערש; וואָס מאַכט עס אויס?! אַ מענש מוז דאָך וואו־עס־איז געבוירען ווערען! פון דעסטוועגען, יששכר, זאָג דעם אמת: האָב איך, אריבערפאָהרענדיג קיין אַמעריקאַ, אריבערגעבראַכט מיט זיך מיין „היים"? ניין, איך האָב זי געלאָזט אין דער היים. פאר וואָס־זשע האָט

מנחם נישט געטון דאָסזעלבע? ווארום האָט ער נישט איבערגעלאָזען ווארשע אין ווארשע? און פוילען אין — פוילען? און ווארום שלעפּט ער זיך ארום מיט'ן פוילישען ווארשע אין אלע צייטשריפטען? מערק זיך, יששכר, איך האָב גאר נישט צו פוילען, איך בין אליין אויך מעהר־ווייניגער פארליעבט אין די פוילישע פאניענקעס, אין די פוילישע וועלדער, אין די פוילישע פארשידענע דינגע און אין דער פוילישער צעקראָכענקייט, וואָס מען רופט דאָס אַן ליריק, אָבער סע מוז דאָך זיין א גרעניץ אפילו צו פוילישער ווייכקייט, צו ניין?

טייערער יששכר: מנחם איז ווייך. מנחם איז צארט. מנחם איז דעליקאט. מנחם איז סימבאָליש. מנחם איז מאָנאָגראמיש. מנחם זאָגט מען, האָט אַן אויג — ער האָט צוויי אויגען פאר פארשיעדענע דינגע. מנחם זאָגט מען, האָט אַן אויער — ער האָט צוויי אויערען פאר געוויסע זאכען. מנחם, זאָגט מען, האָט א פּען — א גוטע וואָטערמאַן פּען. אפשר האָט ער נאָך איינע? ווער ווייסט איהם! אָבער ווי זאָגט ערגעץ דער תנא: לא על הליריק לבד יחיה, טוט לעבען, האָדם, דער זינדיגער מענש ולא, און אויך נישט, על ה'דעליקאטקייט טוט לעבען דער מענש! ולא, און אויך נישט, על ה'ווארהאפטיגקייט, לויבנאָטיגקייט, לייטזעליגקייט און שרה־בת־טויבים'דיג־קייט, יחיה, טוט מאכען א לעבען דער בן אָדם מיט'ן נאָמען מענשענזאָהן. און אפילו אז סע חלומ'ט זיך אין דער פינסטערניש איהר קלאָרעדיג געזיכט (בלעטעל 9) איז דאָס נאָך אויך קיין תירוץ נישט, למאי איך אָרימער, בידנער, ניעסטשאסטנער, אונגליקליכער מענש זאָל זיך דארפען בלענדען די אויגען אויף צו לעזען אזא מין ברייטיגקייט און אזא מין — שטראָף מיך גאָט דערפאר! — לירינקייט.

יששכר! איך שטעל דיר אזא מין פּראָבלעם: זענען פּערפּעל קליינע, נישט־ענטוויקעלטע ליליפּוטישע לאָק־

שען, אָדער זענען לאָקשען הויך־געוואַקסענע, קאָלאָסאַלע פערפעל? מיט אַנדערע ווערטער: צו וואס באַגעהן אַזעלכע ברייטע, איך־וועל־אייך־נישט־לאָזען־כאַפּען־דעם־אָטעם׳־דיגע ליעדער, ווען שמאָלערע לידעלעך זענען אויך נישט שלעכט — אויב זיי זענען נישט שלעכט? מנחם׳ס ליעדער, ליעבער יששכר, דאַרפען געלעזען ווערען נישט פון איין מנשען, נאָר פון אַ גאַנצער קאָמיטע. און די דאָזיגע קאָמיטע דאַרף אַנשטענדיג באַלוינט ווערען פאַר איהר מיה.

מנחם׳ס אַ ליעד — אויב מען האָט נישט קיין ספּעציעלע קאָמיטע וואָס זאָל עס לעזען, מוז צעשפּאָלטען ווערען, לכל הפּחות אויף העלפט. ס׳עט גאָר נישט פאַרלירען דערפון. אדרבא. למשל: מיר מאַכען אַ קנייטש אויף, לאָמיר זאָגען, בלעטעל 48. מיר שפּאַלטען ס׳ליעד אַקוראַט אויף העלפט און ס׳לעזט זיך גאַנץ געשמאַק, לכל הדעות נישט ערגער ווי פריהער. אָט איז עס: „אין בליציגען אָוונד, די פענסטער פאַרהאַנגען, געדאַכט סטרונעס ציטערען. ציטערען פינגער, און בלייך ס׳פּנים, אין שאָטען פון בוימער. ער וועט אַזוי בלייבען, דער פאַרהאַנג פאַרהאַנגען, און שטיל מיט׳ן טאָג וועסטו איהם שוין ווערען" א. ז. וו.

נאַטירליך, איז דאָס נישט זעהר קלאָר, דערפאַר איז דאָס אָבער זעהר צאַרט, זעהר סימבאָליש. זעהר תפלה׳דיג — האַ? זאָגסט עפּעס יששכר?

איך זאָל ריידען וועגען מנחם׳ס תפלה־ליעדער? נו־גוט! אָט רעד איך: מנחם איז דער מאָדערנער שרה־בת־טובים אָהן שרה־בת־טובים׳ס אמת׳ער גאָטספּורכטיגקייט און טהין־טוהענדיגקייט. אַז מנחם גיט אַ דאַווען אָפּ אַ ליעדעל, איז דאָס עכט פּיטום־הקטורת׳דיג! פול מיט הדק־היטביזם. און זיין (ווייך) קול איז גוט צו די בשמים. אַמאָל ווערט ער גאָר גאָלדפאַדענדיג און ער זינגט: „אַז מ׳בלייבט אַמאָל זיצען אַליין, אין דער נאַכט פאַר׳ן שפּי־

געל צו לאנג, קען מען אפט פאר'ן שפיגעל דערזעהן אלץ וואס קומט נאר אריין אין געדאנק". אדער „ציטערסטו? צאפעלסטו? צאפעל און ציטער!" וואס קעהרט ער? מנחם קעהרט נישט — ער איז ליריש. ער איז א ביסעל לירישער, ער איז ליריש אהן ברעגיגקייט. פון זיין יעדען ליעד טוט טריפען מילך און האניגדיגקייט.

ווען דער רבש"ע זאל געוועזן וויסען אפריהער, אז עס וועט זיין א מנחם, וואלט ער געוועזן צוגעזאגט דעם פאלק ישראל זיי „אויסצוציהען" פון מצרים און זיי ברענגען אין דעם לאנד וואו עס רינט — מנחם'ס פאעזיע.

צום שלום וויל איך דיר שרייבען, ליעבער יששכר, אז מנחם האט אויך עטליכע העכסט וואונדערבארע ליעדער: „שלמה", „פוילען" און אנדערע. איך אליין האב זיי נישט געלעזען — איך בין שוין היינט נישט אזא בעל־כח ווי איך פלעג זיין אמאל, יששכר! — נאר חברים זאגען מיר אז זיי זענען גוט. מנחם אליין גאראנטירט זיי אויף אנדערהאלבען יאהר. נאך דער דאזיגער צייט קאן זיי דער לעזער צוריקברענגען צו דר. פארענבערג, און איינעם מיט א האלבען דאלאר, וועט ער ענטוועדער קריגען מיינע „ווילדע רויזען" אדער מ'עט ביי איהם גלאט אזוי צונעמען די 50 סענט. איך אליין זאג גאר נישט. למאי זיך איינרייסען מיט דער וועלט? איך האב שוין היינט סאי ווי נישט אזוי פיעל פריינד, ליעבער יששכר, וויפיעל כ'האב געהאט איידער כ'האב אנגעהויבען שרייבען מיינע קריטיקען! איך וויל דיר בלויז זאגען אז מנחם'ס ליעדער זענען אבסאלוט וועטערלאז. א חוץ אמאל דארט א קליין ווינטעל, אדער א שפריי־רעגענדעל. ווי אזוי א מענש קאן פון אזא קנאפען וועטער שעפען אזעלכע ברייטע ליעדער — ווייס איך נישט!

**פון מיר, דיין פריינד, מ. נ.**

## הערצאָג ד׳אַברוצי

„זיגזאַגען״. פאַרלאַג „עכאָ״.

ד׳אברוצי׳ס בוך איז א פרום, הייליג, רעליגעז שטיקעל אפיקורסות. עס איז א בוך וואָס גיט אייך דעם נויטיגען רוקענציטער, דעם קאַלטען קיצעל איבער׳ן האַרץ מיט אַ שאַרף מעסער, וואָס שניידט נישט, נאָר עס שרעקט־אָפּ. עס איז ׳א סטיליזירטע וואַלד שרפה, וואָס פלאַקערט לויט סטיליזירטע מוסטערן פון שעהנברענעריי, עס איז די גאַלאָפּירענדע פאַרצווייפלונג, וואס איז שטעהן געבליבען אין אַ קלאָר, דורכזיכטיג וואַסער, כדי זיך צו באָדען די מידע פּיס און זיך אנשפּיגלען. עס איז מענש, מענשליכעס, מענשליכקייט, מענשהייט. עס איז דער טראַגיזם פון׳ם לעבען מיט אן א ו י ס ע ר ג ע ו ו ע ה נ ל י ך פיינער פּונקטואַציע. עס איז דער טרויער, דאָס לעבען, דאָס אָבשטאַרבען, דאָס פאַרגאַנגענזיין, וואָס רייסט זיך אַרויס פון יעדער גוטגעבויטער שורה, ווי א שטיקעל גראָז פון הינטער א מצבה — אזוי פול מיט באדייטונג, און אזוי גאַרנישטמיינענדיג. עס איז די מילדקייט פון פייערשפייענדיגען באַרג, וואָס האָט זיך אויסגעשפּיגען און איז אנטשלאָפען געוואָרען און שמייכעלט פון שלאָף.

ד׳אַברוצי׳ס זיגזאַגען זענען אזוי שטאַרק אָנגעפילט מיט לייכטקייט, אז זיי וועגען אפשר זיבען מיליאָן פונט. דער גוטער, אלץ פאַרגעבענדער ד׳אברוצי שמייכעלט מיט א קלוגען, קינדערשען שמייכעל. אָבער ה י נ ט ע ר

יעדען דינעם שמייכעל וואוינען געפאנגענע ניין הונדערט לעמפערטען, אכציג פארוואונדעטע ליבען, ניין ביליאן טויבען. ד׳אברוצי מיט׳ן מאנטעל אריבערגעווארפען איבער די אקסלען געהט ארום א צע׳חלום׳טער איבער די ברייטע, ליידיגע שפאצירגערטנער פון׳ם לעבען און ווארפט שמייכלען — רעכטס און לינקס, נאר אז מ׳קוקט זיך גוט צו זעהט מען, אז דאס זיינען נישט קיין שמייכלען, נאר שלענג, גראציעזע, בונטע שלענג, וואס האבען יאהרענלאנג אויף זייער אייגענעם סם געלעבט — א, ד׳אברוצי מיינער, ווי מליצה׳דיג מיר קענען שרייבען!

ליינענט איהר ד׳אברוצי׳ס זיגזאגען, לערענט איהר פון זיי אזוי ווייניג ווי פון א וועלטאונטערגאנג. אבער ו ו ע נ י ג ע ר ווערט איהר דערפון און גרינגער און רוהיגער.

ד׳אברוצי האט זיך אליין אויסגעקליבען אלס אמבאסאדאר צו דער ווייטסטער געגענד פון זיין הערשענדער נשמה. און דארטען פארטרעט ער די אינטערעסען פון — ד׳אברוצין. אבער ד׳אברוצי האט נישט ליעב ד׳אברוצי׳ן דערפאר, וואס ער האט איהם אזוי פלעבעאיש ליעב, אזוי מענשעלדיג, אזוי קליין. אינטריגירט ער קעגען זיך אליין. רייצט אויף זיך אן אלערליי בייזע, אויפגערעגטע אפאריזמען זיי זאלען איהם נאכלויפען און ערגערען איהם און — ז י ך א ל י י ן.

מיט ד׳אברוצי׳ן (הערצאג) פאהרט איהר נישט אויף א פובליציסטישען רייטוואגען, אדער אויף א זשורנאליסטישען לאסט־פערד, אדער אויף א בעלעטריסטישען אויטאמאביל. ד׳אברוצי׳ס עקסקורסיאנען פיהרען אייך אויף לופ־די־לופ מיט א שנעלקייט פון 116 מייל א מינוט. עס דערהויבט אייך. עס ווארפט אייך. עס שניידט אייך אפ דעם אטעם. עס שרעקט אייך. ווען עס זאל געדויערען נאך א רגע וואלט איהר אפשר נישט אויסגעהאלטען. אבער ד׳אברוצי צוטרייסעלט אייך און ווארפט אייך ארוים אזוי פלינק, אז איהר האט נישט קיין צייט צו —

חלש'ן, אָדער צו שרייען גוואַלד, אָדער זאָגען אַז איהר ווילט וויסען ו ו אַ ו ה י ן ער פאָהרט און צ ו ו ו אָ ס?

ד'אַברוצי זאָגט אומגעפעהר:

דאָס וואָס איז געשעהעניש פאַר מיר, וועט ריהרען אויך אַנדערע. יענע, וואָס באַוועגען זיך צוזאַמען מיט מיר אין דערזעלבער שטיקענדיגער, סענטימענטאַל־טרוי־עריגער, געקינצעלטער זעלען־אַטמאָספער. אויף אַנדערע מענשען שפּעקוליר איך ניט. זאָלען זיי זוכען בעסערע, געזונטערע באַקאַנטשאַפטען.

ד'אַברוצי זוכט ניט מיט זיין שרייבען צו געפעלען דעם לעזער. נאָר פּונקט ווי א י ך, זוכט ער איהם צו ערגערען, איהם אויפצורעגען. דאָס איז אפשר ניט אַזאַ גרויסע מעלה אין אַ נ ד ע ר ע ליטעראַטורען, אָבער ביי אונז אין דער אידישער גאַס, וואו מ'לעקט דעם לעזער די קנאַפּעל אַזוי געמיין, וואו מ'רויכערט צו איהם ווייררויך, און מען ערקלערט זיך איהם דריי מאָל אַ טאָג אין ליעבע, איז אַ דערקוויקונג צו זעהען אַזוינע מענשען ווי איך, אָדער ד'אַברוצי, וואָס אונזער שרייבען איז אַזוי וואונ־דערבאַר־נישט־קלאָר, און אַ סך געלערנטע בוכהאַלטערס וויסען נישט וואס מיר ווילען.

ד'אַברוצי פּעליעטאָניזירט וועגען אַלצדינג און גאָר־נישט, אָדער וועגען גאָרנישט אין דער פאָרם פון אַלצ־דינג. ער רעדט וועגען לימבורגער קעז און דעם וואַרבור־גער פילאָזאָף. ער ברוגז'ט זיך כלומרשט אויף דעם ליעבען דר. זשיטלאָווסקי און טיילט אויס שטיקלעך האָניג־טאָרט צו עוזיאל פליישמאַן, מ. באַסין און חכם־עתיק. זיין וועג, זיין פּאָזיציע איז דאָס ב ל אָ נ ז ש ע ן, דאָס אַרונטער־געהן פון וועג, דאָס אַנטלויפען פון נאַרישע קאָנווענציען, פון וועלכע מען ק ע ן נישט אַנטלויפען. ד'אַברוצי ווייסט, אַז טריוויאַל זענען נישט נאָר קליינע זאַכען, נאָר אויך די גרויסע, די גרעסטע. אַפאָריזמי־צירט ער און וואַרפט אין שמעלצטאָפּ פון זיין ברענענ־דיגען, רויטען טינטפעסעל, אַלערליי שטיקער בלאָטע,

קרעלען, גלאָז, מעש, אייזען, בלעך. אונטער שווער פארהאנגענע פענסטער זיצט דער געלאנגווייליגטער אַל־כעמיסט און מישט, און מישט, און מישט, ביז וואנעט עס ווערט גאָלד. און סע בליצט מיט דעם פיינעם גלאַנץ פון געשליפענער רעטאָריק, פון פּאָעזיע, פון לירישער קלויסטערליכקייט. „פּונקט אזוי גוט ווי גאָלד" — טראַכט ער. ווייל גאָלד אליין איז אויך פּ אַ ל ש.

ד'אברוצי נעמט נישט ערנסט קיינעם — א חוץ זיך אליין. דאָס איז זעהר מענשליך פון זיין זייט. ד'אַברוצי באדויערט, וואָס דאָס דייטשע פאלק איז נישט געפאלען צו די פיס דעם קייזער און אפגעבעטען, ער זאל נישט ברייגגען דאָס וועלט־אומגליק. דאָס איז נישט פייערליך. זאָגט ד'אברוצי, אָבער אין א פייערליך־היסטאָרישען מאָמענט מעג מען זיין נישט־פייערליך.

דער געפעהרליכער כלומרשט־שטרעגגער ד'אברוצי, האָט א הארץ, גלויבט מיר, וואס איז פונקט אזוי איידעל געבויט ווי אייערס און נאָך א סך א י ד ע ל ע ר. ער זאָגט:

א נייע צייט — טו פארוואס דערצעהלען מיר אלטע אנעקדאָטען, שטופּען זיך, לאכען פערדיש, זידלען אָוועגד־צייט די מיעדע פרוי פארוואס זי האָט פארקאָכט געניצ־טע טעג און פארוואַרפען אונזערע זאכען... און לויפען היסטעריש ארום איבער דער וועלט, ווי די אונגליקליכע ווייסע מייזלעך אין'ם בראָנסקער זאָאָלאָגישען גאָרטען?

און אויף בלעטעל 60 וועגען די פּאגראָמירטע אידישע פרויען:

די געשענדטע אידישע מיידלאך און פרויען זיינען אָדער אונגליקליכע, אָדער מארטירערינס. אָנגעבויגען דעם קאָפּ אין טרויער און פארמאכט דאָס מויל. אין צוים גע־האלטען די אומרוהיגע פאנטאזיע. ניט געדענקען. ניט דערצעהלען. נור פ א ר ג ע ס ע ן.

ד'אברוצי באשרייבט ז י ך. און דאריבער א י ך. דער וואס באשרייבט א י ך — דורך ק י י נ ע ם

נישט, דער באשרייבט קיינעם נישט, ד ו ר ך אייך. דאס איז אן אפאריזם וואס מיינט א סך, אדער גאר־נישט. עס איז נישט וויכטיג! וויכטיג איז נאר אז, — צו וואס די גרויסע וויכטיגקייט פון עפעס, וואס איז בלויז א חלום ?... „פון א חלום צו א חלום און דאס לעבען איז — די בריק". און די וויכטיגקייט פון'ם געדרוקטען ווארט? זעה בלעטעל 74 פון די זיגזאגען:

אמאל האט געקיניגט דאס ה י י ל י ג ע ווארט. היינט — דאס ווארט. אמאל — דער גוטער איד. איצט — דער גוטער... שרייבער...

און אויף בלעטעל 78, מיט פארלייגטע הענט אויפ'ן הארץ, און מיט געבויגענע קניען:

ביזטו נישט בייז און נישט מוחל. יא—אש און שטויב און א צובראכען געפעס. אבער ס'טרעפט אמאל, אז פון דער צובראכענער כלי ווערט א ריינע כלי — און זי פילט זיך אן מיט וואוילשמעקעדיגען, הימלישען אויל און אין'ם גרויען, שטויביגען, קאלטיגען אש פארגלוסט זיך אמאל דער שכינה זיך צו באזעצען אויף א ווײלע.

און שפעטער, ווען ער לאכט ווענען דעם, וואס באראַ־נאוו וויל ניט זיין קיין טרוימער אויף די עלטערע יאהרען:

מ ו ז ט, ברודערל! — זאגט ד'אברוצי. — אזא געזעץ. העגעל'ס טריאדע. פון חלום צו חלום געהט דער לעבענסוועג איבער די טרויריגע, פאר'יתום'טע פעלדער פון ווירקליכקייט?

און שפעטער, אויף בלעטעל 104, ווען ער רעדט ווע־גען איינעם, וואס איז פאראורטיילט צום טויט, ווייל ער האט פארגוואלטיגט א מיידעל:

אבער, גאט מיינער, זיינען מיר דען בעסער פון איהם? צו וואס רעדען אבסטראקט? נו, און דו? און י ע נ ע ר? און א י ך? ווער האט'ס ניט פארגוואלטיגט אין לעבען קליינע און גרויסע מיידלאך? אדער — אין געדאנקען?

איך וואלט מיר אנגעטון א כח און געזאגט „ד'אברו־צי'ס זיגזאגען זענען א מין סארט וידוי", ווען די ליטע־

ראַרישע ווידוים זאָלען נישט זיין אַ שווינדעל, אַ ליגען. די מייסטע פון זיי זענען בלויז אַ מיטעל זיך איינצושאַפען נייעם מאַטעריאַל פאַר אַ שוידערהאַפטער ווידוי. ד׳אַברוצי זעהט ד ו ר ך זיך. ער לאָזט קיינמאָל נישט אַראָפּ פון זיך דאָס קריטישע אויג און פּייניגט זיך — מיט שטעכיגע שמייכלען. פון זיינע אייגענע שוואַכקייטען, זיינע זינד, מאַכט ער בייטשען, מיט וועלכע ער שלאָגט זיך און מיט זיך שלאָגט ער — אייך, די שוואַכע, די ריזיגע, די אומבאַהאָלפענע, די לעמפּערטען, די פליגען, די אונשטערבליכע, יעדער־מינוט־שטאַרבענדיגע.

די זיגזאַגען זיינען אַ מוסטער פון גוטען אידיש און איך רעקאָמענדיר די „קאַמיסיע פאַר אויסבעסערונג פון אידישער אָרטאָגראַפיע" צו לייענען דאָס בוך רעליגיעז און אויף אויסענווענינ — מיט קליינע אויסנאַמען, ווי די פאַלגענדע: „קינדער אָהנמעכטיגע פערצייהט מען„ (24). אָדער אָפּפער (מיט אַ פּפעי). און דזשענטעלמאַן (אַנשטאַט זשענטעלמאַן), אָדער ג ר י י ל י ך (20) און ניט (אַנשטאַט נ י ש ט), פערדערבען (אַנשטאַט פאַרדאַרבען). אָדער אַזאַ אונמעגליכע זאַץ־אַרכיטעקטור, ווי (16־17): גאָטהאָלד אפרים לעסינג איז אַן אויטאָריטעט נישט קיין קלענערער פון הערבערט ספּענסער, קאַרל מאַרקס, דר. שלמה רובין און טשאַרלס דאַרווין, וועלכער האָט, כידוע, געטראָפען, נאָך ווי געטראָפען, אויב מען זאָל גלויבען דעם אין וויסענשאַפט, אידען־אַסימילאַציאָן און פרייען־געדאַנק־פאַרליעבטען ב. פייגענבוים.

דערפאַר זענען אָבער פאַראַן אין די זיגזאַגען אַ מאַסע זעהר פיינע זאַצען, לייכטע און שלאַנקע און אויסטערלישע. ס׳רוב פון אָט־די זאַצען זענען פון יענעם סאָרט שעהנקייטען, וואָס בעת זיי פּוצען דעם אויוּוען, טראָגען זיי ווייסע האַנדשיך — אָרעם אָבער ריין. דערשלאָגען, אָבער אַנגעטון אין אַ נייעם הוט מיט פעדערען. מעלאַנכאָליש, אָבער זעהר פאַרזיכטיג מיט דער גראַמאַטיק!

# מאַני לייב

ליעדער, באַלאַדען, סלאַווישע מאָטיוון.
דריי ביכער. פאַרלאַג „אינזעל“.

**. . . פונדעסטוועגן ראַטען מיר אונזערע לעזער צו קויפען מאַני לייב׳ם דריי ביכער!**

דעם דאָזיגען צו־רוף זענט איהר געוואוינט צו לייענען אויפ׳ן סוף פון יעדער קריטיק. עס איז די מע־מאָדע ביי אונזערע ווייך־נשמה׳דיגע, וויינענדיגע שרייב־שוועסטער, זיך צו וויגען אהין און אהער. זיי מונקלען, רעדען אריין דורך א דאך־פענסטערעל, און שרייען אין ארבעל אריין, אז — סע טויג נישט. נאָר דערנאָכדעם איז מען זיך מישב: וואָס טו איך? איך מאַך דאָך מ י ך אומגליקליך! און וואו איז מיין געפיהל פון סאָ־לידאריטעט? און וואָס וועט די אמאלגא פון אלע שריי־בער־יוניאָנס זאָגען דערצו? און וואָס בין א י ך מחויב מיר צו מאכען אזוי פיעל שונאים? עפעס איז מען דאך אידען, צום גוטען יאָהר, צי ניין? עפעס האָט מען דאך א מענשליך הארץ, און פארבינדונגען, און רחמנות, און ליעבשאפט, און שרעק, און נישט־זיכערקייט. היינט וואָס טוט מען?

טראַכט דער שווערטראַכטענדיגער קריטיקער און טראַכט, און געהט איבער מיט דער פעדער די וויטריאָלי־שע שטעלען פון זיינע ארטיקלען, מאכט זיי אביסעל טעמ־פער, ווייכער, מומעדיגער, שוואַכער. דערנאָכדעם שטעלט ער אוועק דעם פיעל־באַקאַנטען שלום־פאַרא־גראַף:

„פונדעסטוועגען ראטען מיר„ — און אזוי ווייטער.
היט איך אָפּ די מאָראַלישע פּונקטיליאָ פון אונזער ליטעראַרישען פאַך און כ'בעט אויפריכטיג ביי אַלע מיי־נע פערזענליכע פריינד און באַקאַנטע, זיי זאָלען קויפען מאַני לייב'ס דריי ביכער. איך וויים נישט וויפיעל די דריי ביכער קאָסטען. ס'איז נישט אָנגעגעבען. אָבער איך ראַט אייך איהר זאָלט זיי קויפען. פּונקט ווי איך ראַט אייך איהר זאָלט קויפען מיין אייגען אונאַנשטענדיג, שוואַכגעשריבען ביכעל „ווילדע רויזען". און גלויבט מיר, אַז וואָס שייך מיין אייגען ביכעל, האָב איך גענוג אור־זאַכען צו וועלען איהר זאָלט עס לייענען. מאָהלט אייך, אַז פון יעדען פופציג סענט וואָס איהר צאָהלט פאַר מיין קליינעם, קליינליך־וואָולגאַרען, מעלאַנכאָליש־פּיקאַנטען בוך, באַקום איך ניינצעהנטהאַלבען סענט. פאַר יעדע ניינצעהנטהאַלבען (18½) סענט וואָס איך באַקום, קויף איך מיר — — — וואָס מאַכט עס אוים וואָס? גענוג איז צו זאָגען, אַז ווי ליעב און ליריש מאַני לייב זאָל נישט זיין — וועט איהם, לאָמיר זאָגען, נישט שאַטען, אַז איהר וועט קויפען זיינע (גאַנץ וואויל?) דריי ביכער.

* * *

און איצט האָט דער מאָר זיין פליכט געטון, מיט דעם נויטיגען ביסעל פּאָליטעס, עטיק, פאַכפיינקייט. איך פאַרנויג מיך דאַרום גאַנץ עלעגאַנט, דריק מאַני לייב'ס דינע, מיידעלשע האַנט און איך טרעט־צו צו מיין נישט־איידעלער — גלויבט, מיר! — ה אַ ר צ ־ ב ר ע כ ע נ ד י ג ע ר אַרבייט פון אַרונטערשיבען פון אַ פּעדעסטאַל אַ חבר, אַ פריינד, אַ גוטען ברודער.
מאַני לייב — שאַ, עס איז נויטיג, דאַכט זיך מיר, נאָך אַ שטיקעל פאָר־שרייב, און זאָל עס קומען מאַלאַ־פּראָפּאָ (אַ שעהן וואָרט!): מאַני לייב איז נישט קיין שלעכטער דיכטער — אפשר אַ גוטער דיכטער, מעגליך אַן אויסגעצייכענטער דיכטער. אפשר ביז אַ העלפט אונ־

שטערבליך (פון אויבען אראפ?). אבער נישט־דערשראָ־קען און מערדעריש זאָל פונדעסטוועגן בליצען מיין שארפע שרייב־שווערד איבער די קעפ פון יענער חברה וואָס בעהאלט זיך הינטער די מיידעלשע, לייכטע קליי־דער פון מאני לייב׳ן.

איך זאָג — דורך א מעשענעם ציה־טרומייטער, וואָס גלאנצט אין דער זון ווי עפּעס רעכטס: נישט מאני לייבס איז שלעכט. נאָר דער מאניליי־ביזם.

פארשטעהט איהר מיינע יונגע הערזען? אָט, קינדער־לעך, זעצט זיך אוועק ארום מיר, איך וועל אייך דער־צעהלען א מעשה, כמעט א מין באלאדע פון מאני לייב, נאָר אביסעל — שוואכער און קליגער: אמאָל איז געווען א קעניג, אן אפגעצוואָגענער נאָר אביסעל א צוטראָגע־נער. פלעגט ער זאָגען א געזאָגענער (ווייל ער איז גע־ווען אן אָפגעצוואָגענער, א צעטראָגענער): ברידער, מ׳דארף נישט קיין העמד אויפ׳ן לייב. און ער איז ארומ־געגאנגען מיט גרויס נאקעטקייט. אָבער ס׳האָט איהם געפאסט. ווייל א קעניג מוז זיין אביסעל קאפריזנע און — נאקעט. אָבער אזוי גיך ווי אָרימעלייט, קלויז־בחורים, לופטשלינגער, שלעפער, וועלכע האָבען בטבע נישט געהאט קיין העמד אויפ׳ן לייב, זענען געוואָהר געוואָרען, אז דער אָהנהעמדיזם איז פראָקלאמירט געוואָרען פון זיין מאיאסטעט דעם קעניג אליין, זענען זיי געקומען צופליהען און געשריגען: מיר זענען אויך שטיקלעך קע־ניגע — מיר געהען אויך אהן העמדער.

מאני לייב׳ס נישטקענעריי האָט א געוויסען חן. איז געזאנגיג, אָפט קלוג־ליבליך־פארפלאמט, אביסעל קראנקלעך, אביסעל יונגפרויענדיג, אביסעל אנשטעלע־ריש — אָבער עס ריהרט־זיך דארין א יונגע סטרונע, אָנ־געשפּאנט אויף א פידעל, וואָס מ׳מאכט איהם ערשט, אָבער אריגינעלעריש, קונציג, און אָפט מיט א סך ליכ־טיגקייט, וואָס פלייצט אריין דורך א פארשטויבט פענ־סטער, און א לײדיגער שטוב, וואו קראָליקעס געהען

ארום און עסען דימענטענע לעמעשקע פון בורשטינענע שיסלען. מאני לייב'ס ווייסער ווערטער־שניי פאלט און פאלט, פונקט ווי גאָט'ס שניי אליין, אָהן א ציעל, אָהן א ווילען, אָהן ליידענשאפט. עס איז שניי־מיט־א־זון. אָה, ווען מיין פריינד האלפערן זאָל דערלאַנגען דאָס ביי־סעל שטורם! אָבער שטורם איז כח, און כח איז בלוט, און בלוט איז לעבען, און לעבען איז — וואולגאר, פאר־פלאָנטערט, נישט־עסטעטיש, און טיעף, און — שרעק־ליך, פאר דעם וואס קאָן זעהן! — ווער ס'איז געבענשט מיט בלינדקייט, קאָן נאָכגעהן נאָך זיין אייגענער לויה און שפּיעלען אויף א הארמאָניקעל, אָדער קלימפּערן אויף א פידעלע.

מאָני לייב איז געהויכט און געהויבען געוואָרען פון די — עס איז מיר נישט גוט פון דעם וואָרט! — יונגע יונגעלייט, וואָס יונגלען־אונטער מיט פרייע פערזען. מאָני לייב דער אפּאָסטאָל פון גארנישטזאָגען, איז גע־וואָרען דער דע־קאַלב־עוועניו שבתי־צבי פון אלע וואָס האָבען נישט וואָס צו זאָגען. פון אלע עקען וועלט האָבען זיך גענומען ציהען די אָהנהעמדי־סטען, און שרייען: עס לעבע דער נביא אָהנהעמדי־גום! די היסטאָריע דערצעהלט: דאָס איז געווען אין יאָהר — — 19. קעניג מאָני לייב האָט נאָר וואָס געהאט פּראָקלאמירט, אז א ליעד דארף זיין געמאכט לויט פאָל־גענדען זעהר־גרינגען רעצעפּט:

„מיעד בין איך, בלייך בין איך,
נו בין איך מיעד, בין איך בלייך.

אָדער:

נישט גוט, נישט גוט, נו גוט, א גוטע נאכט.

אָדער:

און מיינע קינדער וויינען, וויינען מיינע קליינע קינדער.

אָדער:

**איצטער ברענגען רויטער, רויטער, מיינע רויטע רויזען.**

אָדער:

**אין די ים'ען, אָקעאַנען, אין די נעבלען, די טומאַנען.**

אָדער:

**נעמען פילע פוהרען פאָהרען — — —**

(דערמאָנט אביסעל אין דער שפּראַך־גימנאַסטיק פון א „שי סעלס, סי־שעלס עט די סי־שעל שאָר". אָדער „פון אלעסק ביז קיין ביסק, טראָגט א פיקס א ביקס אין פיסק".) דאָס אלצדינג איז אין־זיך־אליין נישט אזוי שלעכט. עס איז, נאָך אלעמען, זעהר שפּילעוודיג און לייכט, — נאָר צופיעל איבערגעזאָגט, און געמאַכט דערפון א קולט — דאָרט וואו איך, אָדער אן אנדערער שפּראַך־הודיני וואָלט עס געטון צווישען א מיליאָן אנדערע טעגליכע ארבייטען.

מאַני לייב איז די ד י כ ט ע ר י ן פון ליר־דער. ער איז די ז י פון פּאָע־ז י. ער איז די ווייבליכקייט, פאַרווייבליכט און פאַרנעביכט. טרעהרען, טרעהרען, טרעהרען. מאַני לייב איז א טרעהרען־מקוה, א טרעהרען־ניאַגאַראַ, זיבען קלאַפטער די טיעף. גיט איהם א ריהר ביי א פוס און — סע געהט טרעהרען. גיט איהם א ציה ביים היטעל און — סע פלייצט טרעהרען. מאַני לייב וויינט נישט מיט די אויגען, נאָר מיט זיין גאַנצער אָנגעצויגענער פערזענליכקייט. ער איז נישט די וויינענדיגע ווערבע, נאָר ג ע ו ו י י ן, וואָס דאַרף צעטיילט ווערען צווישען א האַלבען עסקאַדראָן מיט דיכטער. און דאַן וועלען אלע וויינען א ב י ס ע ל צ ו פ י ע ל.

מאַני לייב איז א בעל־יסורים־דע־לוקס. ער איז דער אמת'ער ראַקעפעלער פון דער יסורים־אינדוסטרי. אַנדערע מ אַ ס ק י ר ע ן זייער אומגליק, טוען איהם אָן א שלייער. ווייל צו אינטים איז דער צער פון דעם מענ־

שענ׳ס נשמה — מ׳זאָל עס ארויסשטעלען אויף בייז־וואונדער! אָבער מאַני ליב נעמט זיין (פּעטער׳ס?) אומגליק, פּוצט עס אויס ווי א כלה־מיידעל, טוט איהם אָן א ניי היטעלע, פּלעכט איהם אריין עטליכע סטענגע־לעך אין די האָאר און געהט מיט איהם ארויס אין גאַס אביסעל שפּאַצירען. זאָל די וועלט זעהן, וואָס פאַר א שעהן אומגליק מאַני ליב האָט און ווי אויסגעפּוצט ער איז נעבעך און ווי שעהן עס קאָן נעבעך נישט רעדען!

מאַני ליב בייט אויס זיינע געפיהלען פאַר לידער. אנשטאָט צו זינגען דאָס וואָס עס טוט איהם וועה, זעהט ער עס זאָל איהם וועה טון אזוי, אז ער זאָל עס קאָנען באַזינגען. ער זינגט זיך נישט א ר ו י ס, נאָר ער זינגט זיך גלאַט אזוי, ווייל ס׳איז שעהן פאַר באַקאַנטע!

מאַני ליב׳ס לידער זענען אפשר פיינע שפּינוועבע־רייען. אָבער צו וואָס זאָלען מענשען שפּינען שפּינוועבס, ווען זיי קאָנען שפּינען נוצליכע טאַשענטיכער, אָדער — לאָז זיין! — נ י ש ט ־ נ י צ י ג ע כלה־מתנות?

מאַני ליב האָט אפשר געדאַנקען, אָבער ער רעדט נישט צו זיי. ער איז מיט זיי ברוגז. ער האָט אפשר טיי־פע, שטורעמדיגע ליידענשאַפטען (א ל ע ליידענשאַפטען זענען טיעף און שטורעמדיג!), אָבער זיי שטורעמען זיך אויס אינ׳ם פּראָצעס פון זינגען. ער דערזינגט זיי צום טויט! מאַני׳ס ווילדעסטער ליב זיצט אין שטוב און — לייענט פּושקינען. זיין אויפגערעגטסטער לעמפּערט געהט ארום, מיט ברילען אויף די אויגען און — שפּילט שאַך. זיינע שלאַנגען טרינקען וואַסער מיט סירופּ, און זענען שרעקליך נערוועאיש.

אין מיין הארץ די בענקשאַפט גליהט,
נאָך דיינס א בליק, נאָך דיינע רייד,
נאָך דיינס א הייסען שאָרך פון קלייד,
נאָך דיינע זינגענדיגע טריט. (12.)

בין איך איהם מוחל דאָס, וואָס א שאָרך קאָן נישט זיין הייס, און פאַרגיב איהם די אנשטעלערישע „ז י נ ־

ג ע נ ד י ג ע" טריט, צוליעב דעם שעהנעם געפיהל, וואָס גליהט דאַרין. אָבער באַלד פאַלט ער אַריין אין דעם הויכמאָדערנעם, ניינצעהן־אַכצעהנער, אַפּטאָדימינוט׳דיר־גען אָנשטעל פון עמיציזם און עפּעסיזם.

א י מ י ץ וויינט און ע פּ ע ס מאָנט,
וויינט און בעט זיך און דערמאָנט — (14)

ווייסען מיר שוין וואָס עס ליגט אין עמיץ און עפּעס! זאָג איך: פריינד מ. ל., נאָמען און אדרעסע, ביטע! ו ו ע ר איז דער עמיץ? און ו ו ע ר איז דער עפּעס! עפּעס פאַרשטעה איך נישט, וואָס דער עמיצער געהט אַרום זייט די לעצטע עלף יאָהר אין דער אידישער דיכטונג, און קלאַפּט אין דער טיהר, און מען ווייסט נישט ווער ער איז! און מ׳קאָן איהם נישט כ א פּ ע ן!

מאני לייב באַהאַנדעלט א פּערזענליכע דראַמאַ איוף בלעטעל 16:

נאָר זי שפּילט פאַר די וואָס זיצען איינגעבויגען
אין ווינקעל שווייגענדיג. זי שטעלט זיך אויף:
גענוג!

און פון דער פינסטער שמייכעלט איינער קלוג
און איינער ברענט מיט גרויסע, נעבעלדיגע אויגען.

מאני לייב איז זעהר פאַרזיכטיג מיט זיין ביסעל טאַלענט. ער וואַרפט נישט אַוועק אפילו די שאָלעכץ פון זיינע לידער, און דאָרט וואו ער נוצט אָ ר י ג י נ ע ל די שאָלעכץ, באַהאַלט ער דעם ש אָ ט ע ן פון דעם שאָלעכץ, און ער פערגעלט עס אויף רויזענבלעטער און צימרינג, און באַהאַלט עס אויף ווינטער. כאַפּט ער זיך אָן אין א וואָרט איז (כמעט אזוי ווי ב י י מ י ר!) ביז חלשות. „ווייסע פרייד" און „לאַנדישען", און „טרעהרען„ און „העמדלעך" און „ציטריג" און „בויגיג" און „שלאָפענדיג" און „בלייכקייט" און „שטילקייט" און „אָט־אזוי".

מילא, רעדט מען נישט פון די גראַמען „שניי" און

„אזוי“ — אזוינע גראמען טרעפט כמעט אויף יעדער בלעטל. „טויער און שנייער“, און אזוי ווייטער. אָבער וואָס זאָגט דאָס דאָזיגע פיעלפאַך־שטומע ליעד? אַ שטי־מונגס־ליעד, מיין ליבער מאַני לייב, איז נישט אַ ליעד ביי וועלכען דו האָסט שטימונג בעת דו שרייבסט עס, נאָר אַ ליעד וואָס רופט ארויס שטימונג ביי מיר, בעת איך לייען עס. ביטע, דאָס צו פאַרשרייבען אין נאָטיץ־ביכלעך, קאָלעגען!

ווי שלעכט מאַני לייב הערט זיין אייגען געזאַנג, קאָן מען צום בעסטען לערנען פון זיין אויסגעצייכענטע באַלאַדע (אגב: זיינע באַלאַדען זענען — שנעל באַ־מערקט! — די בעסטע ליעדער וואָס ער האָט. אַ טייל פון זיי, ווי „אינגעל־צינגעל־כוואַט“, „דער שלאָף„, און „אליהו הנביא“ זענען זעהר געראָטען אין קלאַנג און אין אינהאַלט), וואו ער ענדיגט דאָס ליעד „משה׳לע“ מיט די שורות:

א גלעקעל אריין, א גלעקעל ארויס,
און דאָס איז די גאַנצע מעשה.

מ. ל. נוצט דאָס ווערט „גלעקעל“ אנשטאָט דאָס פאָלקסטימליכע „פלעקעל“, וואָס קלינגט אידישלעכער און בילדליכער, בעת „די גאַנצע מעשה“ איז אי נישט־אידיש, אי שרעקליך נישט־מוזיקאַליש. אָדער אזוינע ווערטער ווי „קעלער־קאַפּיי“ (אַ גראַם צו „גע־שריי“) און צוויי מאָל „ביזקעל„ (בלעטל 5 פון די באַ־לאַדען) אָדער „קוואַלע טריט“ (בלעטל 86), אָדער אזא „לעבענסבילד“ ווי דאָס ליעד וועגען דער עוועניו בי. דער דיכטער באַשרייבט די טראַגעדיע פון אַ פאַרפיהרט מיידעל נעבעך, וואָס האָט זיך, ווי ראָזענ־פעלד זאָגט, ביי איהם מיט טרעהרען געבעטען: רייס מיך נישט אויס, וועסט מיך שפּעטער צוטרעטען. אָדער אזא זאַץ־פּלאָנטער ווי אויף בלעטל 111:

זיין גרויסע נע־ונד ליעד זינגט דער ליריקער —
דעה הוגר!

ווייסט איהר נישט צי, דאָס מיינט אז דער ליריקער איז א הונט: דער הונט, דער ליריקער! אָדער מיינט עס, אז דער הונט איז א ליריקער. און אזוינע שווערע ווערטער ווי „מאַנגאַטאַן" (116) פון גאַרדין'ס „מאַנאַטאַן און לאַנגווייליג איז אין די הימלען", אין „גאָט, מענש און טייפעל", און ש ל א פ ל א ז (2 מאָל אויף בלעטעל 113).

און ווען מ. ל.'ס הארץ ווערט דורכגעציטערט מיט דעם געפיהל פון נקמה פאר אלע אונזערע דורות וואָס זענען געשטאָרבען אויף די שייטערהויפענס, פאר אלע אונזערע געקרייציגטע לעבענס, רעדט ער צום טאַטען, צום ט א ט ע נ י ו, און זאָגט:

הער טאַטע (ליסן, פאַפאַ), ניט קנייטש אזוי מיט'ן ברעם

און האלט ביי דער האנד מיך נישט צו.
איך וויים נים, צי דאָס איז א חילול השם, —
איך וויים אָבער גוט וואָס איך טו. — —
(מ. ל. האָט דערהערט דעם געשריי פון די דורות —)
און אָט איז דער מעסער, דו זעהסט, ווי איך שארף.
ווער נעמען ביי זיי אונז די רוה.
(ביי זיי — אונז?)

נו, טאַטע, לאָז מיך דערשאַרפען. און אזוי ווייטער.
ווי שטיל, ווי רוהיג, ווי נישט אויפגערעגט מאַני לייב איז אין די מינוטען פון העכסטער נקמה! ער שאַרפט דאָס כשר'ע מעסער, ער האלט עס ערשט א י ן ש א ר פ ע ן. אז ער וועט דערשאַרפען, וועט זיך טון חושך. אזוי זאָל אונז גאָט העלפען! אָבער דערווייל קייט ער זיך א שאָקאָלאַטקע און ש א ר פ ט!

א סך פון מאַני לייב'ס לידער קעהרען צו דער געהארויס־און־גיב־א־קוק אָפּטייל פון דער ניי־אידישער דיכטונג. דאָס זענען לידער, אין וועלכע דער דיכטער פאַרצייכענט א ל צ ד י נ ג וואָס ער זעהט און הערט — אין צייט פון אַנדערהאַלבען רגע'ס.

מ. ל.׳ס מוסטער פון דעם סארט לידער אויף בלע־
טעל 109 :

דער זייגער האט צוועלף שוין געשלאגען,
ס׳איז צוועלף שוין א זייגער ביינאכט,
איך קוק אויפ׳ן זייגער און טראכט:
ס׳איז צוועלף שוין א זייגער ביינאכט.

דאס ליעד האט נאטירליך זיך געקענט ציהען ביז איבערמארגן, איבעראכטאג פרייטאג, ווי אלע פון דעם דאזיגען סארט טאפי קאן מען דאס ציהען און ציהען. איך גיב מיין אייגענעם מוסטער :

ס׳איז נאכט.
איך געה מיר ארוים אין גאס.
ס׳איז נאס,
און בלאס,
און קראס.
און קוואס
וויל איך,
און דרילעך
אויף איינשיטען,
אבער וואו גיט׳ן?
מ׳גיט ניט.

— — — —

ס׳איז נאכט.
איך טראכט:
א הויז,
א שטוב,
א באנקבעטעל,
א נעגער.
א זייגערמאכער.
ראטשילד.
קאווקאז.
ריבאייזען.
לכה־דודי.

דארדאנעלען.
מיקעל־אנזשעלא.
נתן הכהן.
ס'איז נאכט —
איך טראכט:
א פראכט,
עס שוואכט —
מיר ס'הארץ.
ס'איז שווארץ.

און אזוי ווייטער.

דער שווינדעל דערפון איז, וואס מ'זשאלעוועט אזוי דאס ווארט, אקוראט זעקס שורות מיט א פינטעלע. ווען מ'זאל אנשרייבען א גאנץ ביכעל מיט אזא געהאקטער פראזא (דאס קאן מען טון זעהר גרינג), וועט עס קיינער נישט באטראכטען פאר לידער. אבער אז מ'שרייבט אקו־ראט זעקס שורות מיט א פינטעלע, ווערט דער עולם צוטומעלט און טראכט: עך! מסתמא א י ז דאך עפעס אין דעם! אז נישט, וואס זשאלעוועט מען אזוי דאס ווארט?

מאני לייב האט אויך א טבע, אז ער מאכט זיינע לידער — פארוויין. זיי געהען ביי איהם ס'מינע־סטע צו צווייי אין א פעקעל. למשל אויף בלעטעל 48 רעדט מ. ל. וועגען מיידעל פידעל און טאקע באלד אויף בלעטעל 49 — אגב, הייסט דאס, רעדענדיג וועגען א פידעל, דערמאנט ער זיך אין קינדער וואס א בעטלער שפילט פאר זיי אויף א פידעל.

אויף בלעטעל 1066 זינגט ער:

איצט רייד ניט מעהר מיין פיין,
איצט וויל איך רוהיג זיין.

און שפעטער מיט א דאס־עראינערט־מיך־זשעסט:

אוועגד. איך וויל אייך ניט שטערען,
זיצט אין דער פינסטער אזוי.

אויף בלעטעל 100 רעדט ער וועגען זיינע רויטע

רויזען וואָס ברענען רויטער, און דאָס עראינערט איהם, וויסענזי, אויף בלעטעל 101 אז —

די נאַכט איז געקומען, מיין לאָמפּ האָט געברענט.

מאני לייב באַנוצט זיך אויך אביסעל צו אָפט מיט זיין רעכט צו נעמען זיך פרייהייטען מיט דער שפּראַך. דאריבער ווערט ביי איהם פון זאווערוכע (שניי שטורעם) א ז א ו ו י. לויט דעמזעלבען געזעץ האָט א סאַמאָטור־כע געדאַרפט זיין ס א מ א ט י י, און א מ ע ר כ ה האָט באַדאַרפט זיין א מ א ר י י.

מאני לייב איז אויך א מזיק אויף — העי, העי. ער איז, אזוי צו זאָגען, דער הויפּט ה ע י ה ע י א י ס ט פון אַלע אידישע דיכטער. ער איז דער טהאָמאָס־עדיסאָן פון'ם העיהעי, און ער נוצט עס אויף אַלע זייטען, און מיט פארשידענע רעפאָרמען. אמאָל איז דאָס העיהעי און אמאָל הוי, הוי, און אמאָל האי, האי, און אוי־אוי, און האָ־האָ. וואָס קאָן מען נאָך מ ע ה ר טון?

מיט א פּאָעטישער מליצה:

די זון פארגעהט. עס איז נאַכט. די וואָלקענס פון סוף קריטיק ציהען זיך איבער מיין הימעל. און וואָס זאָל איך זאָגען? וואָס זאָל איך זאָגען?

ענטפער: איך וויל גארנישט־נישט זאָגען. מיינע קליינע קינדער וויינען. איך דאַרף זיי אָנטון העמדלעך. איך וועל נאָר ציטירען איינס פון מאני לייב'ס כאראַק־טעריסטישע לידער אויף בלעטעל 119:

די נאַכט איז לאַנג, די נאַכט איז לאַנג.
איך קאָן נישט שלאָפען, איך קאָן נישט ליגען.
איך וואַרף זיך, דרעה זיך ווי א שלאַנג,
איך ליעג און בעט זיך, דער שלאָף זאָל וויגען.
דיך זעה איך ניט, דיך זעה איך ניט.
געשטאַלטען שוועבען אויף לייכטע פליגלען.
איך זעץ אוועק זיך אין דער מיט.

איך צינד צוויי ליכט אָן. איך נעהם צוויי
שפּינלען.
איך וואַרט אומזיסט, איך וואַרט אומזיסט.
דו קומסט ניט, מיינער, קומסט ניט, ליעבער?
אַ וואָלקען ציהט, אַ רעגען גיסט.
איך קוק פון פענסטער, דער ווייט אריבער.
דאָס איז אַ גאַנץ שעהן ליעד, נאָר איך האָב עס
ציטירט — צוריק־צו־וועגס, פון הינטען ארויף, וואָס דאָס
באווייזט, אַז מאני לייב'ס שורות זענען צו שטאַלץ צו
זיין אפּהענגיג איינס פון ס'אַנדערע. זיי זענען פריע,
זעהר פריע פערזען.

# פינף הונדערט יאָהר אידישע פּאָעזיע

גענזאַמעלט און צונויפגעשטעלט פון מ. באַסין.
פאָרטרעטען פון זאַגאַט.
פאַרצירונגען פון ליכטענשטיין און מאָוד.

It takes all sorts of people
To make a world.

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט מיר אן אלטער פארמער אמאָל קלאָהר געמאכט, פאר וואָס עס זענען פאראן אזויפיעל משונה'דיגע מענשען אויף גאָט'ס וועלט. דאביי האָט זיך דער אלטער דאָרפמענש אויסגעגלייכט אויף דער קעלניע וואו ער איז געזעסען, א ציה געטון ס'פערד ביים צוימעל, א מאַך געטון: גיזאפּ! און איז אוועק אין ווייטען פעלד אריין.

איך, אייער ערגעבענסטער, בין א שטאָטמענש. האָב קיין אייגענע פערד נישט. און ווען עס קומט מיר אויפ'ן זין אז כדי צונויפצושטעלען א וועלט איז נויטיג אלערליי מענשען, האָב איך נישט קיין וואָגען אויף וועלכען זיך אויפצוזעצען און אוועקפאָהרען פון דיזעלבע מענשען.

דאָס פיהרט צו דער קלוגער באמערקונג, אז:

עס איז גוט צו זיין א חכם און צו באגרייפען, אז אויף דער וועלט דארף זיך וואלגערען אזא מענש ווי מ. באסין אויך. די וועלט געבוידע דארף

האָבען פארב, אז נישט זשאווערען אין איהרע אייזערנע כוחות! מ. באסין איז פארב, — גרינע, משונה׳דיגע פארב צעשמירט אויף די שטאָכעטען פון אונזער ליטעראַרישען גאָרטען. מען דאַרף עס האָבען! אָבער מען דאַרף אוועקפאָהרען דערפון.

* * *

די מ. באסינ׳ס זענען א נאטור געזעץ, אזוי ווי מאָזלען, אָדער שקאַרלאַטינע. זיי ברעכען ארויס פון צייט צו צייט, אָבער זיי זענען נישט געפעהרליך. אביסעל גרויס־משוגעת־היץ, פון דעם מין: פּאָעט־אימפּעראַטאָר־רעקס־בורשטין־נבוכדנצר. אָבער עס געהט באלד פאָריי־בער. מען שטארבט נישט דערפון. ווייל די מ. באסינס זענען צו שוואך — אפילו אלס א ש װ א כ ק י י ט און צו גרינליך־יונג, אפילו אלס א ליטעראַרישע קינדער־קראַנקהייט.

מ. באסין איז א דיכטער מיט לעידיספינגער. זיין פּער־זענליכקייט איז אונטערגעשניידערט מיט וואטע. זיין אינטעלעקט? א געל קאַנאַריקעל, וואָס מאַכט ציפּציף. זיין קולטור? די קולטור פון א מענשען וואָס לייענט אלע סקיצען אין אידישע נאָכמיטאָג־צייטונגען. זיין בילדונג? — ביטע, שווייגען! לאָזט איהם אליין רעדען, דעם הער מ. באסין:

מ. באסין (אזוי שרייבט מיסטער באסין וועגען מ. באסין) אין דער ארויסגעבער פון דער פאָרליגענדער אנטאָלאָגיע. געבוירען געוואָרען . . . געקראָגען א טראַ־דיציאָנעל־אידישע ערציהונג.

א ט ר א ד י צ י אָ נ ע ל ־ א י ד י ש ע ע ר ־ צ י ה ו נ ג הייסט, מיט אנדערע ווערטער, אז ער איז געגאנגען אין חדר אריין ביז ארום זיין דרייצענטען יאָהר, אז ער קאן זאגען מודה־אני, שלאָגען כפּרות, גיסען דרעהדלעך, רייסען הושענות, בלאָזען שופר, עטצעטערא.

אַן טראַדיציאָנעל-אידישע ערציהונג הייסט, אין דעם דאָזיגען פאַל, אז דער בעל־דבר קען נישט קיין שום שפּראַך א חוץ די באַסין־שפּראַך, וואָס דאָס איז א מין סאָרט פאַרצווייפעלטער אידיש; הייסט, אז ווען דער הער מ. באַסין זאָל האָבען נאָך א ביסעל בילדונג און גוטען געשמאַק, וואָלט ער געווען א פאָלשטענדיגער איגנאָראַמוס; הייסט, אז ער איז א טראַדיציאָנעל-אידישער יונגערמאַן, וואָס קאָן גאַנץ וואויל לייענען א בלאַט צייטונג און שמועס'ען מיט דער כלה וועגען דעם קאַפּיטאַן דרייפוס.

עס איז א כלל: פידעל־שפּיעל, מוז געשפּיעלט ווערען איוף א פידעל. שפּיעלען פידעל אויף א צימבעל קאָן מען נישט.

דאָס שיק־אינגעל פון דעם ליטעראַרישען קאַפּע האָט געפּרובט אויסשפּיעלען דעם איידעלען, פיינאַייראָ־פּעאישען מענש, אויף זיך זעלבסט — אויפ'ן צימבעל; אזוי ארויסגעקומען אַן אַנטאָלאָגיע מיט דעם הערן מ. באַסין אלס אַנטי־לאָגיקער.

„פינף הונדערט יאָהר אידישע פּאָעזיע" איז ארויסגעגעבען געוואָרען, גאָט ווייס מיט וואָס פאַר א מיה און מיט וואָס פאַר א קרומע, אידישליכע גענג מצד דעם ארויסגעבער. עס איז געוואָרען א מין געשעפט פאַר אונשטערבליכקייט, און יונגע, יונגערע און גאַנץ יונגע און גלאַט אזוי ליטעראַרישע מתים, זענען געלאָפען מיט גרייטע געלט און זיך געהייסען אָפּשניידען פאַר $1.95 א שטיק אונשטערבליכקייט. א מיטעל־שטיק, פּליעז! אָט אזוי, זשאַלעוועט נישט מר. באַסין.

און דער מיסטער באַסין האָט נישט געזשאַלעוועט. ווי אַן אמת'ער פּאָעט־אימפּעראַטאָר האָט ער אויסגעטיילט כיבודים, אָפּשאַצונגען, קריטיקען, צורופען, עצות־טובות־פאַר־באַלעבאַטים, בריעפקעסטלעך, שטימען פון פאָלק.

און אָט דאָס זענען די אונגראַמאַטיקאַלישע רייד פון מ. באַסין, אין זיינע באַ־מערקונגען:

„איך וויל דאָ באַמערקען וועגען דער אָרדנונג און צוזאַמענשטעלונג פון די דיכטער".

„ווייל זעהר אָפט טרעפט, אז א דיכטער זאָל זיין איינגער פון א צווייטען אין יאָהרען און עלטער אין שרייבען".

דאָס זענען צוויי פאראגראפען גענומען פון אָנהויב בוך. דערפון זעהט מען, אז דעם בעל־דבר'ס ערציהונג איז געוועזן נאָך מעהר ווי טראַדיציאָנעל־אידיש.

מ. באסין שטעלט צוזאַמען די דיכטער — נישט זייער שאַפען, נאָר די דיכטער זעלבסט, לויט דער אָרדנונג פון זייער עלטערקייט אין שרייבען. וואָס דערפון איז שווער צו דערגעהן, צי ער מיינט דערמיט: לויט די אַלטקייט פון זייער סאָרט שרייבען, אָדער: לויט די צאָהל יאָהרען וואָס זיי שרייבען.

ווייטער באַמערקט דער הער אנטי־לאָגיקער:

„איינגענשיינליך וועט עס אויסקוקען פאלש".

„מאנכע דיכטער זענען שוואך פערטראָטען, ווייל די מלחמה האָט אונמעגליך געמאכט יעדע פערבינדונג מיט זיי: אזוי איז אויך דער פאל מיט די דיכטער וועמעס בילדער עס פעהלען".

מיינט דער הער באסין, אז ביי די דיכטער, וועמעס בילדער עס פעהלען, האָט אויך אויסגעבראָכען די מלחמה. אָדער מיינט ער אז די דיכטער וועמעס בילדער עס פעהלען זענען אויך שוואך פערטראָטען?

מ. באסין האָט זיך א ווערטעל ווי געזאָגט. נאָכדעם ווי ער רעדט אָפּ אין א גאנץ קאפיטעל וועגען די פאָלקס־ליעדער, הויבט ער אָן ס'צווייטע קאפיטעל מיט די ווערטער: „ווי געזאָגט ציהט זיך די־אַנטאָ־

ל אָ ג י ע ביז 1910". מילא, זענען מיר איהם שוין מוחל וואָס די אנטאָלאָגיע זיינע צ י ה ט זיך ווי פעך, אָדער ווי גומי־אראביקא, אָדער ווי זיין אייגענע נארישקייט, אָדער ווי געזאָגט — ו ו ע ן ? ווו געזאָגט — א ו ו א ו ? ווי געזאָגט — וואָס ?

ווי געזאָגט, איז דעם הער באסין ווייניג געווען וואָס ער — א מענש אָהן שום וויסען און געשמאק — האָט געהאט די טראדיציאָנעל־אידישע חוצפה צו זיין דער צונויפשטעלער און בעל־דעה פון אזא וויכטיגער ארבייט, האָט ער נאָך אָפגעשאצט יעדען דיכטער באזונדער און איהם אָנגעהאנגען א טיטעל. ראָזענפעלד האָט זיך ביי איהם „צוגאָסען ווי א ברייטע פעלד". וועגען דוד פרישמאן שרייבט הער באסין, אז „עס איז א שאָד וואָס ער גיט נישט ארויס זיינע ליעדער". דוד עדעלשטאט'ס ליעדער האָבען (לויט באסינ'ס אָפשאצונג) געמאכט דעם ג ע וו י נ ש ט ע ן איינדרוק.

ביאליק'ס ליעדער זענען ביי איהם „איינגעשלאָסען אין די ענגע ראמקעס פון ה ע ב ר ע א י ש". אברהם רייזען פארנעמט ביי איהם ו ו י ג ע ז אָ ג ט דעם אויבען־אָן אלס ד ע ר צ ע ה ל ע ר. וועגען עפעס איינע, א אננא ראפאפאָרט באמערקט באסין, אז זי האָט געוואונען א פרייז פאר אן ארטיקעל איבער קינדער ערציהונג. וועגען דעם ליטעראַרישען דר. לאנדעס יחזקאל לעוויט, גיט ער אן אלס ביבליאָגראפיע דאָס פארדעכטיגע ביכעל פון עפעס איינעם א „דזש. מעדאָף". א. מ. דילאָן'ס ליעדער, צייבענען זיך ביי איהם אויס „מיט דער אָריגינעלער מיסטיק, וואָס דערמאָנט אָפטמאָל אין דער אָ ר י ג י נ א ל י ט ע ט פון אן אבנאָרמאלען". ז. שניאור'ס ליעדער „ש ט ע ה ע ן ג א נ ץ א ל י י ן אין דער אידישער דיכטונג". מ. ל. האלפערן ווערט געמוסר'ט פון מ. ב. למאי „ער נוצט זיך נישט אויס אלס עפיקער" און ער באמערקט ווייטער, אז זיינע (האלפערן'ס) ליעדער דערצעהלען פיעל פון זיינע (האלפערן'ס) דורכלעבונגען און אויך

פון איהם (האלפערן) אלס באדייטענדען דיכטער.

דערמיט מיינט באסין הפנים צו זאָגען, אז ווען האלפערן זאָל נישט געווען שרייבען קיין באדייטענדע ליעדער, וואָלט מען נישט געוועז געוואוסט, אז ער איז א באדייטענדער דיכטער. נאָר די ליעדער דערצעה־לען וועגען דעם ! סלאָנים פארגעסט ביי איהם דעם אינהאלט צוליעב דעם קלאנג. פראדעל שטאָק איז ביי איהם א באדייטענדע דיכטערין, וואָס האָט דעביו־טירט מיט איהר ערשט ליעד אין 1910. מערקט אייך: פראדעל שטאָק האָט נישט דעביוטירט מיט איהר צווייטען ליעד, אָדער מיט איהר דריטען ליעד, נאָר אדרבא, פארקעהרט, זי האָט דעביוטירט מיט איהר סאַמע ערשטען ליעד! און שלמה שמולעוויטש פארנעמט ביי איהם א גרעסער אָרט ווי דוד קעניגסבערג — אפשר דער פיינסטער פון אלע פיינע ניי־אידישע דיכטער.

* * *

איך בין שוין פארטיג, מיינע טייערע, איך וויל נאָר אָנווייזען, אז דער הער באסין האָט, אחוץ דער ווי־געזאָגט־שוואכקייט, אויך א שוואכקייט אונטערצושטרייכען גלאט אזוי ווערטער — סיי וואו מען דארף, סיי וואו מען דארף נישט. זיינע אונטערשטריי־כונגען געהען אונגעפעהר אזוי:

„יוסף וויזעלטיר אַ דיכטער פון גאָטסגענאַדען. געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1811. האָט געשריבען אלערליי זאכען, און אויך אנדערע. איצט איז ער אוועק אויף אנדערע געביטען און מען קאָן איהם נישט כאפען".

## „וועלט איין, וועלט אויס“

זאַמעלבוך. „קאַפּירויט“: איגנאַטאָוו. פאַרלאַג „אַמעריקאַ“.

איך און דער איגנאַטאָווער, זאָל לעבען זענען ביידע גרויסע גייסטער. נישט מעהר: איך, אייער ערגעבענסטער, האָב פיינט צו קנאַקען ליידיגע ניס און ער נישט. עס איז געווען, אז ר׳ דוד׳ל זאָל א זאָג טון „קי־קו“ און די חסידים זיינע זאָלען אריין אין טיפער בע־וואָס־נישט־איז און זאָלען אָפּענטפערען: „קיקעריקו“. און אז די דאָזיגע קיקעריקוס זאַמלען זיך אָן איז דער א י ז־ה י ק אַ ו ו א פון בלינצעהוהו, דעמאָלט גיט מען ארויס א געדרוקטע וואקכאַנאַליאַ פון ווערטער מיט דער געשיכטע פון קיקו (אזא פויגעל!) וואָס איז געקומען פון וואַ־לאַ־לאַ, וואו ער האָט געהאַט א פּ נ י ע כ ם. (אזאַ וואָרט!) מיט עפּעס אַן אויסלענדישען פּ נ י ע כ ם. (אזאַ וואָרט!) און ווען די גאַנצע געשיכטע האָט זיך צופּניעכמט, איז געקומען צוגעהן דער בעטלער פון בעבעוואַווא (אָדער פאַר־קעהרט!) און ער האָט דער׳הרג׳עט דעם הויפּט פּניעכם פון אלע פּניעכמס.

מען דערצעהלט:

איינמאָל איז ר׳ דוד׳ל געזעסען ביי זיך אין דער היים און געזאַמעלט, ווי זיין טבע איז געווען. האָבען די חסידים געפרעגט: „רבי, וואָס זאַמעלט איהר?“ האָט דער איגנאַטאָווער (אַ חכם איז ער געווען אלע זיינע יאָהרען — נאָך פון דער כלה׳ס צד!) געוואָרפען צוויי פון זיינע בעסטע בליקען אויף די אפּיקורסים וואָס האַלטען נישט פון זיין טאַלאַנט, און ער האָט אויסגערופען:

— קיקוקו!

האָט מען גענומען דעמראָזיגען „קיקוקו", מ'האָט איהם ארומגעבינדען אַ פּיסעל מיט אַ שווארץ טאַשמעלע פון פינף־און־צעהן־סענט־מיסטיציזם, מען האָט אין איהם אַריינגעשריגען אַ נשמה און עס איז געוואָרען אַ מין בלאָהער פויגעל — וואָס פליהט וועלט־איין, וועלט־אויס, און זינגט זיינע קיקוקושע, וואלאלא־ליעדער, פול מיט זענעפט, חן, וואויל־קלאנג, פּיפ־פּאפּעריי.

דער איגנאַטאָווער, זאָל לעבען, איז נישט נאָר אַ זאמלער, אַ שריפטענצונויפשריפטלער, נאָר אויך, און הויפּטזעכליך, און אדרבא — אַ דיכטער, וואָס דיכטעט. ער איז — לאָמיר זאָגען אין איינעם מיט ב. ריווקין — דער דיכטער פון דעם גאָלדענעם נדר. ס'איז קלאָר! איגנאַטאָוו איז טיעף. מען דארף איהם פארשטעהן. איך פארשטעה איהם נישט. איך פארשטעה נאָר איינס: אַ גוטער שוסטער ווערט נישט קיין בעסערער שוסטער דאדורך וואָס אַ חוץ שוסטעריי קאָן ער אויך שרייבען לייטארטיקלען. און אַ גוטער שרייבער, ווערט נישט קיין בעסערער שרייבער, דאדורך וואס אַ חוץ שרייבען, קאָן ער אויך רעדען דורכ'ן טעלעפאָן, קלאפּען און פּלייצע, און מאכען אַן איינדרוק אויף איידעלע מענשען.

דעקלאראציע פון אונאבהענגיגקייט: איך, משה נאדיר, דער זוהן פונ'ם אלטען נאדיר, זאָג זיך אָפּ פון צו ציטערען, צו שרעקען־זיך, מורא צו האָבען, צו זיין אונטערטעניג צו איינעם אַ דוד איגנאַטאָוו, רעקס, זעלבסטהערשער, אימפּעראטאָר.

איך גיב אַ שבועה זיך אפּצורייסען פון דעם פּארזישעלאנדוי'טען טיראַן, צו צובריכען די קייטען פון זיין ווייסע־פערזען־שקלאַווערייַ, אזוי זאָל מיר גאָט העלפען, אָמן!

און מיט דער דאָזיגער ערקלערונג געה איך אוועק פון דור־איגנאַטאָוו'ס פּראָבלעמאַטישקייט, וועלכע איז

פון יענעם סאָרט ווי די פראַגע: „אַז דער ראַזירער ראַ־זירט אַלעמען אַ חוץ די וואָס ראַזירען זיך אַליין, און דער ראַזירער ראַזירט זיך אַליין, טו ווער ראַזירט דעם ראַזירער?“ און איך געה צו צו די איבריגע מיטאַרביי־טער, מיטשאַפער, מיטזינגער פון דעם זעהר פּאַרטייטש־חומש'טען זאַמעלבוך, וועלכעם הויבט זיך אָן מיט „האזינו“ און ענדיגט זיך מיט האָמער'ס איליאַדע.

איך פאַרבויג מיך און זאָג: עס איז זעהר נאָבעל פון אייך, מיינע הערען, ארויסצוברייגגען נייע טאַלאַנ־טען. עס איז גוט־ברידערליך, עס איז מענשליך, און דאָס האַרץ פון אַ קריטיק־שרייבענדען מענשען, ווערט אָנגע־פילט מיט פרייד ווען ער דערזעהט אַזוינע צוויי נייע טאַלאַנטען ווי משה רבנו און האָמער. מיר קאָנען זאָגען, אַזביידע ווייזען ארויס אַ פונק טאַלענט, כאָטש זיי זענען אביסעל צו י ו נ ג אין פאַרגלייך מיט די זאַמעל־בוך־קלאַסיקער.

ענטפער דורכ'ן בריעפקאַסטען: שלייפט אביסעל מעהר אייערע זאַכען, הערר מ. בן עמרם! לערנט זיך שרייבען אַ גלאַטערען אידיש. דאָס וואָרט „בראַנדאָפּפער“ וואָס איהר נוצט אין אייער פּאָעמע „דאָס זענען די רייד פון בלעם“, איז נישט אידיש. „פאַרוואָהר“ איז אויך נישט אידיש. אָבער טאַלענט האט איהר. כאַפּט זיך אַמאָל אריין אין רעדאַקציע צווישען 5־6 פאַרנאַכט.

צווייטער ענטפער דורכ'ן בריעפקאַסטען: הערר האָמער: 1) אייער אידיש איז אונפאַרשטענדליך ווי דער אידיש פון — מיר זעלבסט. איהר נוצט צופיעל אויסלענ־דישע ווערטער. איהר ווילט — מעשה ראובן אייזלאַנד — צופיעל גלאַנצען מיט אייער וואוילקענעוודיגקייט אין וועלטזאַכען. שלייפט, פּאָלירט, הובעלט, זעגט, ראַזירט, פּיילט, האַקט, אפשר וועט עפּעס ארויסקומען.

* * *

5. שאַפּיראָ'ס דערצעהלונג „רויך“ איז זעהר אַר־טיסטיש אריינגעשלאָגען אין ראַמען. עס איז געשמאַקע

ווי מ י ר ט ע ל ע. מירטעלע איז געווען געשניצט — זעהר ארון־קודש'דיג. „רויך" איז צונויפגעטרייבען אין א ווינקעל, מיט א רויט טאַשענטיכעל, מיט דער טראַדיציאָנעל אידישער קלויזפּאָהן. די זאַצען אין רויך זענען גלאַט אויסגעפּרעסט. נישט מיט קיין פּלעט־אייזען, נאָר שאפּיראָ האָט זיך אויף זיי ארויפגעזעצט און איז (גייסטיג) געזעסען אויף זיי אזוי לאַנג ביז וואַנען זיי זענען ארויס גלאַט און אָהן קנייטשען. אָבער דער סימבאָלישער אָנווינק זעהט זיך אין רויך, דרעהט זיך אין די בלאַה פּאָעטישע רויכרינגען פון דעם העלד און דער שאַפּיראָ־טייטש דערפון איז: רויך — דאָס מענשליכע לעבען. פּע, ס'איז ביטער, נאָר מען געוועהנט זיך צו דעם צו. די רויכרינגען — די לעבענספּאַרמען, די לעבענסטעכניק. און ווי שעהן דאָס קאָן זיין! וואָס פאר א שפּיעל! „ס'איז רויך, אָבער ס'איז גוט".

קלוגער, שווערשרייבענדער, ווארט־טאַפּענדער שאַפּיראָ!

עס קומען ליעדער — וויוואַט! זישע לאַנדוי באַרעדט די ווייבער, מיט פיינע פּעטיט־אויפשריפטען. און ער הייסט ב א ש ל אָ פ ע ן דאָס ווייב. באהאַלטען מיר דאָס וואָרט ב א ש ל אָ פ ע ן און מיר בלעטערען ווייטער. זישע ווערט פרעהליכער, אויפגעלעגטער, כמעט ב ל אָ נ ד ע ר: ער זינגט זיינע פּשוט'ע, א פּערטעל־נאָך־צוועלף־ליעדער, וועגען דעם אז אפשר וועט געהן א רעגען און אפשר נישט, און אז אין הימעל שווימט דאָרט א ל ב נ ה! און אז ער לאָזט זיך אראָפּ אין די (וואונדערוואָרט נומער 2) פּ ע ר ל א מ ט ע ר ע נ ד י ג ע טאָלען. דאַן ווערט ער טעמפּעל־בית־ישראל'דיג און גיט זיך דאַרטען א פרעג אין א ליעד:

ווער פיהרט די אַלע שיפען
וואָס געהען אינ'ם ים?
גאָט פיהרט די אַלע שיפען
וואָס געהען אין ים...

און אזוי ווייטער. דאָס פּאַרוויטערדיגטע איז שוין נישט וויכטיג. מען קאָן דאָס שוין אליין מאַכען. פער רעצעפּטום. למשל:

וועד פייפט ביי מיר אין קוימען
אין ווינטערדיגע טעג?
גאָט פייפט ביי מיר אין קוימען
אין ווינטערדיגע טעג.

דאָס איז גוטע, שפּאַרעוודיגע און נישט אָנגע־שטרענגטע פּאָעזיע. זישע ווייסט, אז ליעדער, דאָס זיי־נען ווייבער, צו וועלכע דו דאַרפסט נישט טון געבען קיין כח. מיהט ער זיך נישט. זיי קומען צו איהם פון זייער אייגענעם ווילען און ווערען ב א ש ל אָ פ ע ן.

עס קומען ליעדער פון א. מ. דילאָן, אויף וועלכען מען קאן אויספּרובען דעם כמעט־היינע׳שען שפּיעל פון צושטעלען „מיט הויזען" און „אָהן הויזען" ביי יעדער סוף שורה:

כ׳זיץ אין פעלד ביינאַכט אליין (מיט הויזען).
אָט קומט מיין הונד מיט שנעלע טריט (אָהן הויזען).
ער שנאָרט אהין, ער שנאָרט אהער (מיט הויזען).
מיין הונד, מיין הונד, דו זעהסט מיך נישט? (אָהן הויזען).

אין צווייטען סטראָף פון דעמזעלבען ליעד, קושט דער דיכטער אָן דעם הונד „א פולע קאָפּ". און אין ליעד נומער 3 געהט ער ארום און שיט געלע בלעטער אזוי לאַנג ביז וואַנעט ער הערט אויף.

כמעט אלע ליעדער פון די י ו נ ג י ע ה ר י נ ע זענען פול מיט כלומר׳שטיגען מיסטיציזם, מיט טונקעל־הייט. אין 9 פון יעדע 10 ליעדער „קלאַפּט ע מ י צ ע ר אין טהיר" און מ׳ווייסט נישט וואס ער וויל... אָדער ע מ י צ ע ר לעשט אוים דאָס ליכט... אָדער ע מ י־צ ע ר געהט שלאָפען... אָדער ע מ י צ ע ר שטעהט אויף די קניען ביים בעט, און מ׳ווייסט נישט וואס ער וויל. אָך, דער עמיצער, דער עמיצער!...

ווארנונג פון א נערוועזן קריטיקער: עמיצער וועט נאך עמיצען אמאל דער׳הרג׳נען פאר עמיצענ׳ס דיכ־טונג! עמיצער האט נישט קיין נערוועז פון קופערדראט; עמיצער וויל אז מ׳זאל איהם צורוה־לאזען מיט די עמי־צערס, און מיט די ווייט־וויטע׳ס און מיט די וואו־ניט־וואו׳ס און מיט די עפעס־וויס־איך־נישט׳ס.

---

ראבאי׳ס „קעץ" האבען די גרויסע מעלה, וואס דער שרייבער האט זיי נישט פארמענשליכט, ווי דאס טוען געוועהנליך אנדערע שרייבער. ראבאי שרייבט וועגען קעץ, נישט בדרך משל, נאר טאקע פון קעץ אליין. דערצו דארף מען האבען מוט, דארף מען האבען פאר־טיעפטקייט, דארף מען פארשטעהן, אז אפילו דאס לעבען פון א קינסטלער איז אויך נישט מעהר ווי א משל און אפשר נישט קיין שעהנערער משל ווי דאס לעבען פון א קאץ, אדער א קראליק.

ראבאי איז אפשר דער אנדערשסטער צווישען אלע אידישע נאוועליסטען.

---

דאס רוב ליעדער פון דער מארינירטער, באלזאמירטער, איינגעמומי׳טער, אויף־אן־ארט־שטעהענדער „יוגענד" דערמאנען אפט אן דער טיעפער אינהאלטליכקייט פון דעם באריהמטען נעגער־ליעד:

Amaying I go.
I go amaying.
I went amaying
Amaying I went.

דאס בוך האט אויך אן ארטיקעל פון בעל־מחשבות, וועגען „דר. הערצעל און אנטאן טשעכאוו". איז עס, איז עס, איז עס (צום דריטען מאל) אזוי פול מיט ווערטער, שעהנקלינגענדיגע פראזען, פיעלפארביגע לעבענס־פארבען, און אנגעצויגענע סטרונע,

א צ י ט ע ר פ ו ן א ק א מ ע ר ט א ן, — נו, נאָט מיינער, מיר ווייסען דאָך ווי דאָס ווערט געמאַכט. מיר האָבען געפּרובט צוגלייכען ה ע ר צ ל ע ן צום קאָמער־טאָן און ט ש ע כ אָ ו ו ׳ ן צו אַ סטרונע און... ס׳איז ארוים גאַנץ גוט.ביידע זענען גלייך איבערצייגענד. עס איז פון יענע סאָרט קריטישע עססיי׳ען וואָס צוערשט שרייבט מען זיי אָן — שרייבט מען אָן די שעהנווער־טערדיגקייט, די שפּיצטורעמדיגע זאַצבויען, און דערנאָכ־דעם — פּאַסט מען זיי צו צו עפּעס.

איך אליין האָב שוין אָפט אנגעווענדט דיזעלבע מעטאָדע און עס געהט אויסגעצייכענט.

י. י. שוואַרץ האָט אָנגעזונגען א מאַסע ליעדער, „אויפ׳ן חרוב׳ן הארצען". דער ע מ י צ ע ר שפּיעלט דאָרט אויך אַ גרויסע ראָלע. י. י. שוואַרץ בייזערט זיך, ער איז אין כעס. ער מאַכט „בו־הו". אָבער איך פאַר־שטעה איהם און — פאַרגיב איהם. זייגע מאָטיווען פון תהלים זענען שוין געראָטענער — אזוי פיעל, וויפיעל דער תהלים איז בכלל א בעסערער זאַמעלבוך ווי „וועלט־איין, וועלט־אויס".

* * *

א קוריאָז: אויפ׳ן סוף פון בוך איז אָפּגעדרוקט אַ מעלדונג בזה הלשון:

„אינהאַלט פון ערשטען בוך „שריפטען" (אויס־פארקויפט)."

דאָן קומט א רשימה פון אלע ארטיקלען פון דעם ערשטען בוך „שריפטען" וואָס איז אויספארקויפט און מען קאָן עס מעהר נישט קריגען.

מיר ערוואַרטען אין גיכען צו לעזען אונגעפעהר אזא סאָרט אנאָנס:

„אַ וואונדערבאר פערד.
3 יאָהר האַלט.
זעהר גוט פאר רייטען.
פּרייז 240 דאלאר.

זיך מעלדען צום אייגענטימער
וועלכער האָט עס שוין פארקויפט."

* * *

פּ. ס. — פון די בוך־צירונגען ווייס איך נישט וועמעס זענען די בעסערע — ליכטענשטיין'ס אָדער מאוד'ס.ביידע געפעלען מיר. אָבער מאוד (איך מיין עס ערנסט) האָט א חוץ אלעמען דאָס גרויסע פארדינסט, וואָס — צווישען מאהלער — איז ער געווען דער ער־שטער אונטערצושרייבען זיין נאָמען מיט אידישע אותיות.

# מלחמה־כלות

אויטאָרען : ראָקאָר־מיללער.

טעאַטער : טאָמאַשעפסקי'ס.

מיט פאַרשלאָפענע פינגער שרייב איך מיין היינטיגע טעאַטער רעצענזיע. איך ווייס, אז די מענשען פאַר וועלכע די „מלחמה כלות" זענען צונויפגעשריבען געוואָרען (פרעגט טאָמאַשעפסקי'ן) לייענען נישט קיין קריטיקען, לייענען א י ב ע ר ה ו י פ ט נישט קיין אנדער זאַך, א חוץ די אויפשריפטען אויף די ווענט פון לאַוואַטאָריען, און דאָס אויך נאָר די דומסטע און שמוציגסטע פון זיי.

וואָלט איך געהאַט אַן אייגענע צייטונג, וואָלט איך געשריבען וועגען דעם שטיק 2 קאָלומנען מיט אדיעקטיווען: שמוציג, נידערטרעכטיג, געמיין, שורקיש, פּלאַך, קרעמעריש, טאַלענטלאָז, עקעלהאַפט, שניידעריש, פאַסקודנע, רויה, לאַנגווייליג, ווילד, אונמענשליך, פאַסקווילישׁ, אידיאָטיש, אונמעגליך, מיאוס, פויל, פאַרשטונקען, שווייניש, טעאַטערדיג, באַליידיגענד, גרילצענד, פּאָנפעוואַטע, הויקערדיג, געלעמט, בלינד, הינקענדיג, פאַרוואַהרלאָזט, אונגעקאַמט, בלאָטיג, אבשטויסענד, אונערטרעגליך, סקאַנדאַליעז — דאָס אַלצדינג וואָלט געווען בלויז א קליינער טייל פון די אַלע באַליידיגענדע אדיעקטיווען, וואָס איך וואָלט גענוצט, ווען איך וואָלט געשריבען וועגען די „מלחמה כלות". איך וואָלט נישט געזאָגט וועגען זיי קיין חכמה'דיגקייט, נישט געוואָלט ווייזען מיין סאַטירישע בייסענדיגקייט, וועלכע פאַרשאַפט מיר אזוינע

באגאבטע שונאים, ווי לעאָן קאַברין. עס וואָלט מיר נישט אָנגעשטאַנען צו פארשווענדען מיין ביסעל עספּרי אויף דער טעמא „מלחמה כלות". נאָר אזוי ווי איך שרייב נישט פאר מיין אייגענעם א זשורנאַל, נאָר פאר א פרעמ־דען, און דער פרעמדער זשורנאַל האָט א ריכטונג, וואָס דאָס איז זעהר שעהן פון זיין זייט ,און אזוי ווי דער פּרינ־ציפּ פון דער ריכטונג פאָדערט וויצליכקייט אויף אַלע געביטען פון דער אידישער ליטעראטור, ערגא — וויצען!

„מלחמה כלות" איז נישט קיין שטיק, נאָר — א שטיק שווינעריי. עס איז אפילו נישט טאַלענטלאז, ווייל די מחברים האָבען נישט גענוג טאַלענט דערצו.

איך טו באהויפּטען, אז א מענש וואָס קאָן אָנשריי־בען אַן ע ר ג ע ר ע פּיעסע ווי די דאָזיגע איז א — זשעני. גיט מיר אזא מענשען און איך וועל איהם מאכען א באנקעט, אָדער א יובילעאום, אָדער וואס־נישט־איז!

דער אינהאַלט? איז מעגליך איבערצוגעבען דעם אינהאַלט פון א פריקאזי אין א קעלער־רעסטאָראַן אויף ריווינגטאָן סטרים? קען מען באשרייבען דעם אינהאַלט פון א פאראיאָהריגען קניש אין א פּופּצעהנסענטיגען פרעס־אנשטאַלט?.. קאָן מען דארגרונטעווען דעם מאָטיוו פון א קוני־איילאַנדער „קלעם־טשאודער"? איז מעגליך אפצושילדערען די רויע מאַטעריאַלען פון א „משוגענער קאַלדרע"? איז עס פאר א מענשענ'ס כחות איינצוטיי־טשען דעם הויכען סימבאָליזם וואָס ליגט אין א זויערער אוגערקע, אָדער די טיעפע מיסטעריען וואָס זענען פאר־באָרגען אין א בודאפּעסטער גולאַש?.. אזוי, מיינע הערען, איז אויך נישט מעגליך איבערצוגעבען דעם אינהאַלט פון די ראקאָוו־מיללערשע „מלחמה כלות".

איך טראַכט ביי מיר: דער חזיר קלויבט זיך א ל י י ן אוים זיין בלאָטע. דער עזעל עסט נאָר דאָס שטרוי וואָס געפעהלט איהם, אָבער דער מענש, דער ט ע א ט ע ר ג ע ה ע נ ד ע ר מענש, — אזוי מיינען

די דירעקטאָרען — איז נישט קיין חזיר — ער עסט א ל צ ד י נ ג!

די „מלחמה כלות" געהען אויף די פיס פון אידישקייט — פון אידישליכקייט. זיי דארפען ריידען אין נאָמען פון די ליידען פון דעם אידישען „פאָליעק" און אפּעלירען צום אידישען „הערץ". ווי שמוציג! ברענט דאָרט א מלחמה, ציטערען אויסגעשטרעקטע הענט קעגען הימעל, געהט אונטער א פאָלק, און מיר — אפשר די לעצטע, אפשר די איינציגע יורשים פונ'ם שטאם — מיר נוצען אויס זייער טראַגעדיע פאר קאסענערפאָלג. מיר וויינען אויס ז י י ע ר ע טרעהרען פאר סטענדינג־רום, מיר זעצען זיך מיט די שווער־מעלאָדראַמאטישע הינטענס אויף דעם פארמוטשעטען אידישען „הערץ", און קוועטשען דערפון ארויס — רענדלעך. מיר קלימפּערן אויף דער פיבערדיגער „נשמה פון מיין פאָליעק" און קלימפּערן ארויס עטליכע לומפּיגע נדבה־גראָשענס פאר ז י י און א פוטערפעסעל מיט גאָלד פאר אונזערע פרינצען פון געשמאַקלאָזיגקייט. מ י ר ריידען אין נאָמען פון כלל ישראל און מ י ר האָבען נישט אין זיך א פונק פיעטעט, א ניצוץ פון פאָלקס־געטריישאפט. א ציטער פון רעליגיעזען געפיהל. ווייל — לאָמיר ווערען ערנסט אויף א מינוט, מיינע הערשאפטען! — די אידען זענען אפשר דאָס ג אָ ט ל אָ ז ע ס ט ע פאָלק אויף דער וועלט, דאריבער ארט זיי נישט, אז מען שלעפּט ארויף אויף דער ביהנע דאָס טלית'על, דאריבער קימערט זיי נישט וואָס יעדער נאַרישער ש מ ו צ י א ן רעדט אין נאָמען פון אידישקייט. דאריבער בלייבען זיי רוהיג, ווען זיי זעהען אז יעדער ליטעראַרישער שווארצקינסטלער שלעפּט פון דער נאָז סטענגעס פון נאַציאָנאַלע ליידען, און יעדער מעלאָדראַמאטישער פאקיר טאַנצט, פּראָפעסיאָנעל, אויף די פייערען פון פאָלקס־טראַגיק, און שטעכט זיי־ כלומר'שט די ברוסט, מיט פאַפּירענע שפּיזען...

„מלחמה כלות" האָבען פון דעסטוועגען א י י ז
גוטען מאָמענט, און דאָס איז דאָס פייער אין סוף פון
דרימען אקט. עס איז זעהר א וואויל פייער, כאָטש ס'איז
א שאָד וואָס עס איז נישט קיין אמת'דיגס!. עס איז א
פיינער עפעקט און א זעהר דראַמאַטישער, נאָר די פיעסע
מאַכט קאַליע. ווען מען זאָל שפילען דאָס פ י י ע ר
א ל י י ן, מיט די דעקאָראַציעס, וואָלט עס גע־
ווען גאָר נישקשה פון א פיעסע און מען וואָלט — ווי־
עס־איז — געקענט אויסזיצען איהרע 4 אייביגקייטען,
אין דער געשטאַלט פון אקטען.

געשפילט איז די פיעסע געוואָרען אזוי שלעכט, ווי
עס פּאַסט פאַר אזא אבשייליך טעאַטער־שטיק. דאָס איז
פיין. איבערהויפּט פארדינען א דאנק די הערערען טאָמאַ־
שעפסקי און ראָזענשטיין.ביידע גיבען זיך די מיה צו
שפּילען אזוי שלעכט, ווי אזא פיעסע פארדיענט. די אַנ־
דערע שוישפּילער, כמעט אָהן אויסנאַהם, באַמיהען זיך
אויך צו שפּילען אזוי שלעכט, ווי זיי קאָנען, און דאָס איז
זעהר שעהן פון זיי. עהרען־וואָרט! איך בין זעהר
ערנסט. איבערהויפּט ווער איך ערנסט, ווען איך דערמאָן
זיך ווי דער הערר ט. פּאַטשט זיין טאָכטער, מאַדאַם
גרינפעלד, אזוי גראַציעז אויף דעם... אינטעלעקט. דאָס
איז זעהר פּאַטעטיש און זעהר אידישלעך און זעהר
קינסטלעריש. — ווירקליך!

* * *

...אז מיר זענען שפּעטער אריינגעקומען אין דעם
דראַמאַטישען קאַפּע, האָט אונז א חבר געפרעגט פאַר
וואָס עמיצער פון די י ו נ ג ע געהט נישט אמאָל
ארוים מיט א פיעסע, און מיר האָבען געענטפערט, אז
ס'איז נישט נויטיג, וויל די הערערען ראַקאָוו און מיללער
זענען שוין ארויסגעגאַנגען אין 4 אקטען.

ער האָט פארשטאַנען...

# פאַר אודרע קינדער

אויטאָר: דר. ה. זאָלאָטאַראָף.
הויפטשפּילערין: מאַדאַם בערטאַ קאַליש.
טעאַטער: טהאָמאַשעפסקי׳ס.

אַ פּיעסע מיט אַ קאָנפליקט סייז 4½ און אַ טראגעדיע סייז 116. אַ גרויסע דראַמאַ, וואָס שיינט צו זיין גרעסער ווי זי איז. אַ העלדין, וואָס סאָפּאָ׳ט אונטער פון צייט צו צייט, און געבע גאָט דאָס נעמליכע צו הערען פון אַפּאַלאָן זאָנענשיין. אַ שטיק, וואָס ענדיגט זיך און דעריבער איז עס גוט.

טאַלאַנט מיינער, פאַרלאָז מיך נישט!

שוין ס׳דריטע בלעטעל פּאַפּיר וואָס איך הויב אָן און איך וואַרף אַוועק. צום טייוועל. און פּאַפּיר איז אַזוי טייער, און די קריטיק מוז געשריבען ווערען. די חכמות מוזען געזאָגט ווערען, מיינע געערטע, כאָטש ס׳הארץ איז נישט דערביי. פראַגע: וואו דען איז ס׳הארץ? ענטפער: ס׳הארץ איז אַוועקגעפאָרען קיין רוסלאַנד. און עס וויגט זיך איצט אויף די שטורעמדיגע פאַליעס, און עס ליידע׳ט פון דער וואַנדער־קראַנקהייט, און ס׳איז איהם נישט גוט. ביטע, ענטשולדיגט. עס הויבט אָן. דער פאָרהאַנג פון מיין נשמה־ביהנע הויבט זיך אויף. אַ פייערליכער געדאַנק טרעט אַרויס און פאַרנייגט זיך פאַר׳ן ווערטען פּובליקום. עס ווערט פינסטער אַרום, כדי דער צושויער זאָל קאָנען לייכטער

צ ו ש ו י ע ן. דער העלד טרעט ארוים. אויפטריט: ניפטינגע סאטירע.

מאָנאָלאָג: „פאר איהרע קינדער" איז אנאָנסירט אלס א גרויסע פסיכאָלאָגישע דראמא. עס איז א גרויסע דראמא. שוין א ביסעל צו גרויס, און זי ליגט דארום זעהר לעפיש אויף די אקסלען פון די העלדען. די דראמא איז גרעסער פון די העלדען אפשר מיט 150 נומערען און די העלדען בלאָנזשען דורך איהר, פלאָנטערן זיך אין איהר, וויקלען זיך אין איהר אהין און צוריק און פארקערט און זיי האָבען א פנים, ווי מאקס לינדער, ווען מען שטעלט איהם מיט'ן קאָפ אראָפ כדי ער זאָל נישט פארלירען די הויזען.

ווייטערער מאָנאָלאָג פון מיין גיפטיגער, אָבער נישט־גאנץ־גערעכטער, סאטירע:

„פאר איהרע קינדער" הויבט זיך אָן זעהר פיין און פארביג. אויף דעם פארם פון א חברה טרוימער־קאָלאָניסטען, וואָס ווילען פארפרייעארבייטערשטימען די וועלט, נור אָהן א בריפקאסטען. איינער פון די קאָלאָניסטען איז הירש גינזבורג. כאראקטערשטריכען: א א באָרד, א קאשקעט, אויסגעטראָגענע הויזען. אויפטריט זי, די העלדין, הויך, שלאנק, פיינפארקאמט, רויזרויטע פינגערשפריצען, פייל־כענאויגען, ראָזענגעקיסטערמונד, גראציע, וואלעסקאסוראט. אנטקעגען איהר: באָרים דאנציג. פיינער נאָמען — „דאנציג"! עלעגאנט, הויכגעוואקסען ווי א פאלמע. ליעבע פון דער כלה'ס צד. חתן'ס שוואך. נישטאָ געגוג פייער, וויל איינגעה'ן אויף א פשרה: אלע ד ר י י צוזאמען.

נור ז י וויל נישט. דערצו איז זי צופיעל סאפאָ. און ער? אפּאָלאָנזאָנענשיינט ער? יא. מעהר־וועניגער. מען באשליסט: אוועקגעהן. ברעכט אוים א וואלד פייער, וואָס דאָס איז מסתמא א משל קעגען דעם ליעבעספייער וואָס פארניכטעט די ביימער פון לעבען, און — היט זיך פאר פייער, היט זיך פאר פייער. (ציטאטע.)

אין צווייטען און דריטען אקט זעהען מיר די שלאנ־קע, די גראציעזע, די וואלעסקאסוראטנע העלדין, מיט דעם שלעפעריגען, עלטערען מאן און מיט די קינדער. זייטיגע פארשוינען: עפעס א איד, וואס קוקט אויס ווי א תלמוד־תורה־מלמד און איז א סימבאל, אן אנווינק אויף דעם ציוניזם פון אונזער ראדיקאלער גאס און עפעס א פלייצע־אן־וואנד־רייבענדער אוריאל־מעפיסטא, וואס רעדט הייזעריג־מיזאנטראפיש, און ער האסט די מענש־הייט, מיט אלערליי אפאריזמען — געלונגענע און אנדערע.

„די גרויסע פסיכאלאגישע דראמא" געהט ארום מיט גרויסע פיס, איבער די ברעטלעך פון דער ביהנע, פארטשעפעט זיך אן זיך זעלבסט, פאלט, הויבט זיך אויף, געהט ווייטער, מיט רומאטישער אנשטרענגונג, מיט גייסטיגער הארצקלאפונג, און דו קוקסט אויף דיין זייגערל דעם גאלדענעם, לייגסט עס צו צום אויער און דו טראכסט אז די דאזיגע דראמא איז אבסאלוט די גרעסטע דראמא, וואס דו האסט ווען עס איז געזעהן. אדער אפשר געהט דאס זייגערל צו שנעל?

„פאר איהרע קינדער" איז אן עהרליכער פארזוך. צום דאנערוועטער! פארזוכט נישט עהרליך. פארזוכט פאלש, באטריגעריש, קאמיש, נור — פרישט אפ א ביסעל מיין הארץ. קלאפט א ביסעל אפ דעם שטויב פון מיין לאנגווייליע. אייערע פראבלעמען, די ליעבע. באה! אייער מיסטעריע, דאס ווייב! באה! צום צווייטען מאל. איך זעה טיפער ווי דאס. מיין פסח'דיגער מעהד איז א — רעטעניש. יעדער ברעמזיל איז א מיסטעריע, און אלצדינג אין דער וועלט, פון ראנדאלף הוירסט ביז קאיזער ווילהעלם איז א פראבלעם. און אויב איהר ווילט מיך שלאגען איבער'ן קאפ, מיינע הערדען, — נו גוט! טוט עס. אבער טוט עס מיט א נאקעטען האמער, מיט מעלאדראמא, אבער קלאפט מיך נישט איבער'ן קאפ מיט א האמער וואס איז ארומגע־

וויקעלט מיט דער וואַטע פֿון הומאַניטאַרע געפֿיהלען, פֿון ערעלקייט, פֿון קונסט! און אויב איהר ווילט מיינע טרערען, נעמט זיי, בעכערוויז, אָבער מעלקט נישט מיינע גייסטיגע אויגען מיט די אומגעלומפּערטע פינגער פֿון אַ דילעטאַנט! שלאָגט נישט די פּוטער פֿון מיין סענטימענטאַליטעט, מיט די הוילע הענט. טוט עס מיט אַ מאַשינע. עס איז עקאָנאָמישער און שנעלער.

„פאַר איהרע קינדער" איז אַ דראַמאַ פֿון — מאָרגען. גוט. זאָל מען זי (אַלע מאָל) שפּיעלען מ אָ ר ג ע ן. נישט היינט. די פּיעסע איז נישט צום אויסלאַכען: זי איז א ו נ ז ע ר נאַר. זי איז „ליטעראַטור" און צו וואָס זאָל מען מאַכען דער ליטעראַטור אַ שם פאַר אַ פאַרשלאָפענער אידענע וואָס שטריקט אַ זאָק און שמעקט טאַבעקע, מיט דער לינקער זייט פֿון דער האַנטפלאַך, ווי אַ מאַנסביל?

מאַדאַם קאַליש האָט, אין איינקלאַנג מיט דער פּיעסע, געשפּיעלט „די פרוי פון מאָרגען". אָבער צו וואָס שפּיעלען אַזאַ פרוי ה י י נ ט, אין אַזעלכע אומרוהיגע און העכסט־אינטערעסאַנטע צייטען? און ווען געהט עס אָן די ליידען פון אַ ווייבערשען וואָקינגדרעלעגאַט, וואָס ליידעט דאַדורך וואָס זי האָט נישט ליעב דעם מאַן! און ביטע צו ענטפערן דורכ'ן בריפקאַסטען, ווארום לעבט זי נישט מיט די א נ ד ע ר ע מאַנסבילען? ווארום נישט מיט שטריקער'ן, דעם אַפּאַריזמען־זאָגער? פאַר וואָס נישט מיט באָרים דאַנציג? און פאַרוואָס וויל זי די טאָכטער נישט דערקענען? זי איז דאָך אַזאַ העכסט דעקאָראַטיווע מוטהעהר! און אַזוי שלאַנק און גראַציעז! און צו וואָס די אַטמאָספערע פֿון האַרצשוועריקייט, וועלכע וואַקסט אַרויס פון דעם סופליאַר־קעסטיל, מעהר ווי פון דער סיטואַציע? און ווארום דעקלאַמירט די מאַדאַם קאַליש אַזוי בראַדווייאיש? און פאַר וואָס איז איהר יעדער שמייכעל אַ גנאָד־צום־פּאָלק־ישראל? און יעדער זשעסט אַזאַ אונענדליכקייט? און פאַרוואָס

אזוי ביבליש אין טאָן און אזוי איבער־רייך אין האַל־
טונג? פאַרוואָס איז אייער יעדער בליק אַ 33־און־אַ־
דריטעל פּראָצענט פון דער נעט־איינגאַמע, אָ, קאַליש!
און פאַרוואָס איז אייער יעדער האַנטבאַוועגונג אַ רמז
אויף דעם שטאָלצען משיח, וואָס קומט אויסלייזען זיין
פאָלק — אָ, עהרענווירדיגע קאַליש! און פאַרוואָס פאָדע־
רען אייערע ווערטער אויף פּרעה'ס רייטוועגען, אָ,
טאַלאַנטירטע און גראַציעזע מאַדאַם קאַליש? און פאַר־
וואָס געוועהנט איהר זיך נישט אָפּ פון אייער שוואַכ־
קייט צו לעזען לעקציעס דעם פאָלק ישראל, אָ, לעמבער־
גער מאַדאַם קאַליש?

* * *

עס האָבען געשפּיעלט: בערטהאַ גערסטאָן, זעהר
בעסער. גאָלדענבורג, קונציג־פיין. בלאַנק, אידישלעך־
געשמאַק. בן־עמי, אינטעליגענט־פיין. שאַכט, דייט־
ליכע דיקציע.

די איבריגע דאַמען און הערען האָבען אויך גע־
שפּיעלט, נור איך האָב נישט געהאַט קיין געדולד זיי צו
באַוואונדערען.

צום שלום: פון דער גאַנצער פּיעסע איז מיר צום
בעסטען געפעלען די כינעזישע טהעע, וואָס איך האָב גע־
טרונקען נאָך דער פאַרשטעלונג, אין דער אינטערעסאַנ־
טער געזעלשאַפט פון אַ דאַמע, וועמעס נאָמען איך קאָן
דאָ נישט דערמאָנען. עס איז פראַנציס אַדלער.

# העדא גאבלער

אוטאָר : העגריק איבסען.
טעאַטער : פליומוטה.
הויפטשפּיעלערין : מאַדאַם נאַזימאָווא.

דער פעלדמארשאל פון מיין פריוואטען גליק, דער אויבערקאָמאנדיר פון מיין לוקסוסדינגען לעבען, דער קאַפּיטאן פון מיין פרנסה־יאכט, האָט צו מיר געזאָגט :

— געהט און זעהט און הערט און שטוינט און ווערט גאָר נישט מיעד צו שטוינען איבער דער איבער־פּאָסט־סופּער־אולטרא־גראנדיעזיוואונדערבארער מאדאם נאַזי־מאָווא, וועלכע העדא־גאבלערט לויט דעם אלטען העגריק, וויוואט !

בין איך געגאנגען און געזעהען און געהערט און נ י ש ט געשטוינט און כ׳בין גאר נישט מיעד געוואָרען נ י ש ט צו שטוינען איבער דער מאדאם נאזימאָווא וועלכע געפעלט מיר נישט, דערפאר וואָס איך האָב זי נישט ליעב, און וואָס איך האָב זי נישט ליעב דערפאר וואָס זי געפעלט מיר נישט, און וואָס עס געפעלט מיר זי נישט ליעב צו האָבען דערפאר, ווייל עס געפעלט מיר אזוי.

האָרכט, איהר ברידער פון דער קריטיק ! נעמט ארונ־טער די שווערדען פון אייערע לענדען און לאָמיר געהן אויף א דועל דערפאר וואָס איך דערוועג מיך צו זאָגען,

אז אייער נעליעבטע מוהמע איבסען איז שרעקליך לאנג־ווייליג.

סעקונדאנטען! דער שטריק הענגט מיר שוין אויפ'ן האלז, דער קאפ מיינער שטעקט שוין צווישען די גילאָ־טין־מעסערס, די באַיאָנעטען זענען שוין געציעלט קעגען מיין ברוסט; אָבער — שרעק איך מיך דען איבער? ווער איך דען טויט און צעדאַקטאַרוואַרטסמאַנט? בין איך דען געבוירען אין פייגלינגיא?

ניין, איך בין העלדיש און בראוו און מעדאַלפעהיג. אין די שווידערהאפטע מינוטען פון מיין אויסגעצווינגענעם לעבען לויף איך מוטיג און שטאָלץ ארונטער אין קעלער אריין און איך רוף אויס:

נידער מיט איבסען! ארונטער מיט העדאַ גאבלער!

* * *

זאָג איך אלזא, אז העדאַ גאבלער איז נישט קיין מייסטערווערק? ניין, איך זאג נישט, אז העדאַ גאבלער איז נישט קיין מייסטערווערק. איך זאָג נאָר אז ס'איז א גראָהע אָפשפיגלונג פון א נארישען שפיגעל, וואָס שטעהט לעבען א שפיגעל און שפיגעלט זיך. עס איז א שרעקליך־קאָמפליצירטע איינפאכקייט, וואָס איז מיט גרויס פיין און פינקטליכקייט צענויפגעשפיגעלט גע־וואָרען פון אלע עקען וועלט. עס איז זיבען־אכט־ניין־הונדערט מייל לאנגווייליגע, פאסטאַריזירט און סטערע־ליזירט און אויסגעקאָכט — כדי עס זאָל זיי נישט שימלען. עס איז א קאָנדענסירטע סימפאָני פון אלע אויסגענוצטע געניצען פון דער גאנצער וועלט. עס איז א גרויסער, מעכטיגער, ערהאבענער, שרעקליכער, גרויזאַ־מער, וועלט־איינשלינגענדער געניץ, וואָס ווערט נאָך לאנגווייליגער דורך דעם וואָס מען זעהט נישט אָן דאָס קאָמישע אָדער ערנסטע פנים פון דעם מענשען וואָס געניצט ארויס דעם דאָזיגען „אוהאַ!“

וואָס איז די מעשה מיט העדאַ גאבלער? די מעשה מיט העדאַ גאבלער איז, וואָס העדאַ לאנגווייליגט זיך

און ציהט זיך און לייגט זיך שלאָפען און שטעהט ווידער אויף און לעגט זיך ווידער שלאָפען. יעדער וואָרט וואָס העדא גאבלער רעדט ארוים — דורך דער מאדאם נאָזימאווא — איז א קעניגליכע מתנה צו דער מענשהייט. העדא גאבלער איז — וואָס מ'רופט אין אונזער שעהנעם גאליציענלאנד — א „שלעפּיל", א צעקראָכענע, א פוילע א שלעפעריגע — א ש ל ע כ ט ס ביז גאָר. זאָל דער אויבערשטער אָפּהיטען וואָס דאָס ווייבעל צעארבייט! זי האָט פיינט איהר מאן (וועלכער שפּיעלט אויסגעצייכענט!) און האָט נישט ליעב איהר געליעבטען, וועלכען זי האָט אמאָל מסתם א ו י ך נישט זעהר שטארק ליעב געהאט. זי איז אינטריגאנטיש און האָט נישט ליעב דעם אינטריגאנט. זי איז א שלעפעריגע, פארשלעפּערענדע דאמע — אפשר אביסעל פּריציש דעגענערירט, אפשר אביסעל היפּער־עסטעטיש, אָבער א פּיעלפּאכער גאָר־נישט — שרעקליך איבערטריבען. זי האָט נישט קיין פרייד, קיין טרוים, קיין ווילען, קיין ליידענשאפט, און איז פול מיט דער טיפער מיסטעריע פון א לעדיגען צירונג־קעסטעלע, וואָס דער קלוגער באלעבאָס האָט אומיסטנע פארשלאָסען מיט זיבען שלעסער, כדי מ'זאָל מיינען אז דאָרט ליגט באהאלטען א גע'גנב'עט קעניגרייך.

העדא גאבלער לעגט זיך, העדא גאבלער שטעהט אויף. העדא גאבלער איז מיעד. העדא גאבלער וויל עפּעס! אָבער העדא גאבלער קאָן ליידער נישט קריגען דעם ריכטיגען ע פּ ע ס י א נ ע ר, איז איהר עפּעס אזוי, און עפּעס אזוי, און וואָס זאָל זי טון? העדא גאבלער לייגט זיך, העדא גאבלער שטעהט אויף, העדא גאבלער ציהט זיך, ציהט זיך, ציצא—ך!!! ביז וואנעט זי ציהט אוים עפּעס א שווערע פארשלאָפענע טראגעדיע מיט פליטערלעך, גאלדשפּריצלעך און דימענטלעך.

אז העדא גאבלער דערפיהלט, אז זי קאָן נישט לעבען מיט איהר אויסגעצייכענטען, אידיאָטישען מאן —

דעם פּראָפעסאָר, באַשליסט זי אַז זי וועט הרג'ענען די צייט, מיט אַ רעוואָלווער. העדאַ שיסט! העדאַ שמייכעלט מיט אַ קרום, קאַלט שמייכעלע פון 72 גראַד אונטער נול. העדאַ לאַנגווייליגט זיך ווי אַ גרעפין, און אַז עס קומט איהר אַמאָליגער געליעבטער דער שריפט־שטעלער וואָס האָט אָנגעשריבען דאָס גרויסע ווערק — דערוואַכט אין איהר די אַמאָליגע פאַר־שלאָפענקייט און זי ווייסט ניט וואָס זי זאָל טון. העדאַ'ס גרין־בלאַסע, דעקאָראַטיווע נשמה שטעהט ווי אַ פּאַפּוגאַי אויף איין פוס און פלאַטערט מיט אַ פליגעל און ווערט אַנטשלאָפען — רעדענדיג. העדאַ האָט אויך זייטיגע צרות־און־נחת פון איהר פריינד ריכטער בראַק, וועמען זי האָט ליעב — מיט אַ שרעקליכער שנאה. העדאַ נעמט אַריין צו זיך אין שטוב אַריין די איצטיגע געליעבטע פון איהר אַמאָליגען געליעבטען. דער לעצטער קומט אויך צו איהר אין שטוב אַריין — נאָך דערלייזונג. העדאַ הומאָריזירט וועגען איהר געזונקענעם געליעבטען, ווען ער געהט אוועק. זי זאָגט: ער וועט קומען מיט ווייַנרעבען אין די האָר. לאָווּבאָרג געהט אוועק און שיכור'ט און פאַרברענגט זיך מיט דעם רויטען פריילײן און — ווערט סקאַנדאַליזירט. ער פאַרלירט דעם מאַנוסקריפּט פון זיין נייעם נאָך־נישט־געדרוקטען בוך און העדאַ'ס מאַן געפינט איהם, און גיט דעם אוצר צו העדאַ'ן. דער געליעבטער קומט ענדליך צו העדאַ'ן אין שטוב אַריין שיכור, צעקנייטשט, דערשלאָגען, און אָהן ווייַנרעבען אין די האָר. ער מיינט אַז ער האָט פאַרלוירען דעם מאַנוסקריפּט. ער רעדט וועגען זיין קינד וואָס ער האָט דערמאָרדעט מיט די אייגענע הענט. אָבער העדאַ זאָגט איהם נישט אַז זי האָט דאָס קינד — דעם מאַנוסקריפּט הייסט דאָס. אדרבא, זי מאַכט זיך נישט וויסענדיג. העדאַ גיט איהם אַ רעוואָלווער און זאָגט איהם ער זאָל זיך אַריינ־

שיסען א קויל אין דער פינפטער עוועניו געגענד פון זיין לייב. נ אָ ר ט ו ע ס א ו י ף א ש ע ה נ ע ם א ו פ ן, זאָגט זי — די געלאַנגווײלטע! די עקעלהאַפּ־טע! דער סוף איז, אז ער ווערט געשאָסען פון דעם ר ו י ט ע ן פ ר י י ל י י ן און דווקא נישט אין האַרץ, ווי העדאַ ווינשט עס, נאָר ערגעץ אַנדערש. דאָס קאָן שוין די איבער־עסטעטישע העדאַ נישט אויסהאַלטען און נאָך א לאַנגען און שלעפּעריגען גאָרנישט־טוּן — שיסט זי זיך אין האַרץ אַריין, מיט א טרוקענעם שאָס, וואָס צערייסט נישט ס'קלייד, ווייל ס'איז נישט שעהן פאַר'ן אויג!

מאַדאַם נאַזימאָווא אין איבסען'ס העדאַ גאַבלער איז פּונקט ווי א פּראָסט וואָס איז פאַרפּאַסט געוואָרען פון א ווייסען בער און ווערט געשפּילט פון א זאַוועררוכע. מאַדאַם נאַזימאָווא איז א שנעעשטורם וואָס איז געפּראָ־רען געוואָרען אין מ י ט ע ן געהן. זי איז א געלונגענע לויה אין פּיער אַקטען, אויפגעפיהרט צום בענעפיט פון אַלטע מתים און געשפּילט פון א מצבה.

אין נאַזימאָוואַ'ס העדאַ גאַבלער איז פאַראַן שטילע עלעגאַנץ, מאַניערען, אפילו ווייסע שעהנקייט, אָבער — עס איז אזוי פאַרדאַמט פּינקטליך, אזוי קאָרעקט, יעדער זאַך איז אזוי שרעקליך אויפ'ן אָרט, ווי אין יאשא חפץ'ס וואונדערבאַרען, אונמענגליכען, געטליכען, נידער־טרעכטיגען פיעדעלשפּיעל. איבסען טויטעט נישט כדי צו באַשאַפען, כדי א י ב ע ר צ ו ש א פ ע ן, כדי אויסצור־בעסערען, נאָר ער באַשאַפט דאָס שוין־באַשאַפענע. ער ניט דיר דעם מענש אזוי ווי ער איז, נאָר ער סערווירט איהם מיט א י י ז. זיין העלד — דאָס איז נישט נ א ָ ך א מענש אין דער סומע פון מענשען, נאָר דאָס איז ד ע ר מענש. ער איז דער פּיעל־באַקאַנטער, סיב־טעטישער מענש, אַרויפגעטריבען אויף דער ביהנע מיט א שאַרפער פּעדער־בייטש. עס איז דער דרויסען — פאַרשטובט. אָדער די שטוב — פאַרדרויסענט. עס איז

רעאראנזשירונג — נישט שאפונג. דער געעהרטער הענ־
ריק פון נאָרדלאַנד טוט באַפרוכטען זיין געליעבט
פריילין טעמא נישט פערזענליך, נאָר דורך א שליח, דורך
א אידעע. ער אליין האלט זיך ריין, נישט־באפלעקט,
יונגפרוויליך, אָביעקטיוו. נישט ווי זיין תלמוד בערנארד
שאו, וועלכער לאָזט אָפען אלע פענסטער פון זיין דראַ־
מאטישער געביידע און אלע מאָל קוקט ער אריין אזוי
פארשייט, זעהען ו ו אָ ס ס ע ה ע ר ט ז י ך.
ביי איין העלד מאכט ער צערעכט דעם קאפעליוש, דעם
אנדערען גיט ער א שנעל אין נאָז, א דריטען גיט ער
א גלעט איבער דער באק און ער שילט, זידעלט זיך,
בענשט, רעקלאמירט זיך און לאכט און פאָכעט מיט
זיין רויטער באָרד, און ביז וואנען ער ווערט פארטיג
מיט דער ארבייש, איז זיין גאנע פיינע, דראמאטישע
ווירטשאפט רואינירט און די קאץ ליגט אויפ'ן שרייב־
טיש, און ס'ברענט ערגעץ א פאַרהענגעל און אלצדינג
איז אין אזא רייכער, מענשליכער, ווא‏ונדערבארער אונ־
אָרדענונג!

אָה, ווי איך פלעג זיך בעטען ביי דעם אַלטען
הענריק. ה ע נ ר י ק י ב ס ע ן, פלעג איך צו איהם זאָגען,
הער אויף צו פינטלען מיט'ן אויג ביי יעדען וואָרט וואָס
דו שרייבסט אָן. הער אויף צו זאָגען די איינפאכסטע,
טאָגטעגליכסטע זאכען אין אזא טאָן גלייך ווי עס וואָלט
געווען א שרעקליך געהיימניש. הענריק טייערער, פלעג
איך מיך ביי איהם בעטען, הער מיר אויף צו זאָגען גוט
מאָרגען אין אויער אריין און הער אויף מיך ארונטערצו־
רופען אין קעלער אריין, כדי מיר צו זאָגען, אז ס'איז
שוין עלף דער זייגער און אז די קאווע שמעקט דיר
זעהר גוט! אָבער דער אלטער האָט מיך נישט געהערט.
ער איז אריין אלץ טיעפער און טיעפער אין דער סודות־
אינדוסטריע לימיטעד — פונקט ווי נאָר סודות אליין
וואָלטען געווען סודות!

דאָס גאנצע שטיק, איז זעהר עהנליך צו דער מאַ־

דאס נאזימאָווא אין דריטען אקט, ווען זי ציהט אלע די זיידענע קימאָנאָ און ציהט זי ארויף ביז צום האלז — ביז צו דער נאָז, און נאָר זי ציהט און ציהט די אָרימע קימאָנאָ — כאָטש מ׳זעהט אזוי אויך גאָר נישט ארויס, און כאָטש ווען מ׳זאָל אפילו ארויסזעהן וואס־נישט־איז, וואָלט מען אפשר געזעהען אז ס׳איז גאָרנישטאָ עפּעס אויסערגעוועהנליכס ארויסצוזעהען. אזוי טוט אויך מיין יוגענדפריינד איבסען: ער ציהט און ציהט אויף זיך דאָס דראמאטישע קלייד און דעקט זיך צו, און וויקעלט זיך איין, און פארקנעפּעלט זיך און ער ציהט און ציהט די גייסטיגע קימאָנאָ ביז צו די באקענבערד ארויף, ביז צום היטעל.

— — — — — — — — — — — — — — — —

סעקונדאנטען! דער דועל איז צו ענד. איהר קאָנט שוין געהן אהיים. לאָזט וויסען מיין שוועגערין פון הארלעם אז איך ליג טויט און פארוואונדעט אויפ׳ן שלאכט־פעלד, און זעהט אז מיינע פערזענליכע קינדער זאָלען זיין פארזאָרגט מיט אלדעסגוטס, און 35 פּראָצענט פון די פּראָפיטען פון מיין לויה זאָלען געהן פאר מיין אינדישער געליעבטער פּרינצעסין נע־קאָ־מע.

# דער גייסט פון שטאָדט

**אוטאָר: אָסיפּ דימאָוו.**
**הויפּטשפּיעלער: ס. גאָלדענבורג.**
**טעאַטער: טהאָמאַשעפסקי'ס.**

**עמיגראַנט:** קיינמאל וועל איך עסען מענ־שענפלייש און טרינקען מענשענבלוט.

**גייסט:** עס קומט די שעה און דיינע האָר וועלען ווערען גרוי און דיינע קינדער וועלען אריין אין לעבען, דעמאָלט וועלן מיר זיך טרעפען און דעמאָלט וועלען מיר צוזאמען מאכען דעם לעצטען חשבון. דו וועסט מיך נישט דערקענען, אָבער מיר וועלען זיך נאָך טרעפען. (פארשווינדט.)

און כך הוא. אזוי איז געווען. דער פּראָלאָג האָט נישט אָפּגענארט. טאקע עפּעס ווי דאָס הארץ וואָלט איהם געווען געזאָגט, דעם פּראָלאָג, אז סע וועט זיך אזוי אויסלאָזען. דעם עמיגראַנט טאָמאשעפסקי'ס קינ־דער וואקסען אויס אין געשטאַלט פון פריילייז גערסטאַן, בן־עמי און מאדאם לאקסער. אלע זעהר וואוילע, טעאַ־טערשפּיעלענדע קינדער. און דידאָזיגע קינדער הויבען אָן אריינצוגעהן אין לעבען שוין באלד אין ערשטען אקט. בערטא גערסטאָן געהט אריין אין לעבען דורך דער פאָ־דערשטער טיר ר'עבטס און מיט א גרינג געמיט, און מיט חנ'עוודיגע לאָקען. בן־עמי געהט אריין אין דעמזעלבען לעבען מיט גרויס פארטיפטקייט און סטודענטישקייט. די מאדאם לאקסער טרעט אריין אין דעם געמליכען לע־

בען מיט גוטער אויפפיהרונג און מיט סימפּאַטיע. און די איבריגע שוישפּיעלער פון טאָמאשעפסקי׳ס נאַציאָנאלען נעשאָנעל טעאַטער, טרעטען גלאַט־אַזוי אריין אין לעבען, דורך פארשידענע טירען און תירוצים. ראָזענשטיין איז, למשל, אַ חתן פאר פריילין־מאַדאַם לאַקסער. רובין איז דער אַלגעמיינער פּעטער פון דעם מענשענ׳ס לעבען און אַ גרויסער שלעמיעל. מאַדאַם עפּשטיין איז דעם לעבענ׳ס אַן אייגענע ווייב. גאָלדענבורג איז דער גייסט אַליין, און לאָז מען, אדרבא, פּרובען און איהם נישט ארייגלאָזען אין לעבען אריין, וועט זיך טון חושך!

הכלל: ערשטער אַקט. ה א מ ע ר דער שטאָט־גייסט האַמערט זעהר גאָלדענבורגיש. זעהר שפּיציג. זעהר קונציג. ער ערשיינט אין דער געשטאַלט פון אַ בלאַסער אידעע. שוואַרץ אָנגעטון. פיינער גרים. זעלטענער פּאַרוק. און ער רעדט נישט מיט קיין ווערטער נאָר מיט דיקציע. טאָמאשעפסקי איז שוין פריהער אריינגעקומען, אָנגעטון ווי אַ קעניג פון סעקאָנד עוועניו, און כאַפּט זיך ביים קאָפּ. באַלד געפינען מיר אויס, מיט דער הילף פון אַ קאַפּיטשקע מוזיק, אַז טאָמאשעפסקי׳ס שותּף־אין־געשעפט האָט זיך איבערגעשניטען דעם האַלז, ווייל דאָס געשעפט איז געגאַנגען שלעכט און ער (דער שותּף) האָט שפּעקולירט (ווי דאָס פּראָגראַם־ביכעל זאָגט) הינטער זיין רוקען, און איהם, טאָמאשעפסקי׳ן, איז פון גאַנצען פאַרמעגען געבליבען נישט מעהר ווי אַקציעס אין דער „וועסט אַמעריקאַן קאָמפּאַני“ מינען, וועלכע זענען איצט גאָרנישט ווערט. לייכטער דרינזשע פון קעסעלפּויק. דער גייסט ערשיינט מיט דיקציע און זאָגט טאָמאשעפסקי׳ן ער זאָל נישט פאַרקויפען די אַקציעס, ווייל זיי וועלען זיך באַלד שטאַרק אויפהויבען צוזאַמען מיט פאַרהאַנג 2.

אין צווייטען אַקט זעהען מיר ווידער דעם גאָלדבורגישען שטאָט־גייסט ביין זיין ארבייט. און ער ארבייט געביך זעהר שווער דער שטאָט־גייסט! שווערע

פון איהם ארבייט אפילו נישט די קעסעלפויק פון דער אידישער טעאטער־קאפעליע, אָדער די נאָז־פאטשיילע פון א אידישער פרימאדאָנא.

קורץ און גוט, אָדער לאנג און שלעכט, עס געלינגט איהם איבערצוקערען דאָס ל ע ב ע ן מיט די פיס ארויף. ער, דער וואוילריידעוודיגער שטאָטגייסט, שמועסט איין דער אַלטמאָדישער מאדאם עפשטיין זי זאל אוועק־ווארפען ס׳טייטש־חומש און זיך נעמען צו עפעס אנ־דערש. ער רעדט איין דער נאאיווער גערסטאָן מיט די שענע, גאָט־געבענשטע לאָקען, זי זאָל זיך פאר־ליעבען אין איהר שוועסטער׳ס חתן, ראָזענשטיין. ער ב א ו ו ע ג ט בן־עמי׳ן ער זאָל אונטערשרייבען זיין פאָטער׳ס טשעקס. ער באווייזט ראָזענשטיינ׳ען, אז זיין כ ל ה, די מאדאם לאקסער, איז שוין אַן עלטערער מענש און אז בערטא גערסטאָן איז ברונעטער פון איהר. ער רעדט איין דער לאקסער זי זאָל נעמען פראָשקעס צו באַ־רוהיגען די נערוועז. ער איבערצייגט טאָמאשעפסקי׳ן, וועלכער איז שוין איצט א מיליאָנער, אז ער דארף זיך נישט ערגערען צוליעב דעם וואָס זיין גליק איז די אר־בייטער׳ס אומגליק. און באלד הויבט אָן צו רעגנען מיט פרוכט פון דעם שטאָטגייסט׳ס ארבייט. לאה־לאק־סער פארגיפטעט זיך מיט דעם געוויסען פראָשעק; איהר פאָטער שטיינמאן־טאָמאשעפסקי דערהאלט א טעלע־גראמע, אז די אקציעס פאלען. בן־אמי מאכט אריגינעלע חובות, נאָכמאכענדיג די אונטערשריפט פון זיין פאָטער. די מיסעס שטיינמאן־עפשטיין גיט איבער איהר לעצט ביסעל זילבערוואַרג צום שטאָטגייסט. ער זאל פאר איהר באצאָהלען די קאָרטען־חובות. בערטא גערסטאָן איז פארפיהרט און אומגליקליך מיט אלע כחות. שטיינמאן אליין שניידט זיך איבער דעם זיינגערישען האלז מיט א בריטווע און עס ערשיינט דער גייסט פון פראָלאָג, רעדט מיט א הארטען ר י ש און ס׳איז געענדיגט.

פון דעם אלעמען, וואָס מיר האָבען דאָ איבערגע־

געבען איז צו זעהן צוויי זאכען: 1) אז מען קען יעדע פּיעסע אזוי איבערדערצעהלען, אז זי זאָל קלינגען ווילד און משונה און 2) אז די פּיעסע איז נאָך אלעמען נייער און בעסער, דראמאטישער און אידעע'אישער פון פיעלע אנדערע שטיקער. עס איז דאָ געדאנקליכקייט. עס איז אן אינטערעסאנטעה שפּיעל פון דרויסענדיגקייטען און צופאלען, באלויכטען דורך דעם רויטען לאמטערן פון אן אידעע. עס איז א שטיק וואס ווען מ'זאָל עס שטעלען אביסעל ע ר ג ע ר און שפּיעלען א סך שוואכער ווי מען שפּיעלט עס, וואָלט עס געקאָנט האָבען א גרויסען ערפאָלג אפילו ביי אונזער אידישען עולם, וועלכער איז ע ו ל ם ' ד י ג ע ר פון אלע עולם'ס, ווייסט גאָט!

* * *

טאָמאשעפסקי האָט זיך גאנץ גוט אויפגעפיהרט אויף דער ביהנע. זיין שלאָף־ראָק איז, ווי תמיד, פון פיינעם מאטעריאל און זיין האלטונג איז א קיניגליכע, שוין אביסעל צ ו קעניגליך פאר א פּראָסטען אידען וואס הייסט ש ט י י נ מ א ן און טראָגט א שלאָפראָק. גאָלדענבורג איז געווען זעהר גוט, זעהר אינטערפּראַטיוו, זעהר פּארטייטשענד. דורך די שולטער־בלעטער פון זיין כאראקטער האָט דייטליך ארויסגעשטעקט די אידעע, דער סימבאָל. דאָס איז נישט געווען קיין טייפעל, נאָר דאָס טייוולישע; און געארבייט האָט ער ווי א בייזער געדאנק, ווי דער געדאנק פון זינד, אזוי פלינק, אזוי בוייגיג, אזוי גראציעז, אזוי קונציג, אזוי פלייסיג, מיט אזוינע חידוש'ליכע גענג, מיט אזוינע וואונדערליכע טענער. נאָר איין חסרון: ער האָט אביסעל א ד י ב ע ר ־ ג ע ש פּ י ע ל ט, זיך אביסעל אריבערגעפלייסט. ער איז אין געוויסע מאָמענטען געווען אזוי אומגעהויערע טעכנישקלוג, אז ס'איז אזש ארויסגעקומען נאַרישליך. ער איז געווען אזוי קונציג־פלינק, אז מ'האָט אזש דייט־

ליך געקענט אָנווייזען מיט׳ן פינגער, ווי אזוי ער מאכט דאָס. דער אַלטער כּלל: דער ווייטסטער ברעג פון מזרח איז מעריב.

זעהר גוט איז געווען רובין אלס דער שלים־מזל־דיגער פעטער מאַטיע וואָס אַלע מיטוואָך זאאיקעט ער זיך אביסעל און אלע מאנטאג רעדט ער שלעכט ענגליש. די־דאָזיגע קאריקאטור־צייכנונג איז פון רובין׳ען ארומגענומען געוואָרען מיט אזא ברייטען ראמען פון ערנסטער פארשטענדניש, כמעט פון טראגיק, אז דאָס אויג האָט אויף דעם בילד נישט געקוקט, נאָר אויף דעם ראמען.

בן־עמי איז געווען זעהר נאטירליך (ער איז בטבע א בלאַסער!) אין דער ראָלע פון סטודענט. גוט איז ער נאָר געווען אין דעם מאָמענט ווען ער טאפּט זיך ארום און מאכט אנאטאָמישע שטודיען אויף זיך אליין. מאדאם לאקסער איז געווען צופרידענשטעלענד. גאָט ווייסט, אז איך שטעל זיך צופרידען מיט זעהר ווייניג!

# טיהר נומער 3

אוטאָר: לעאָן קאָברין.
טעאַטער: קעסלער'ס.

קאָברינ'ס „ט י ה ר נ ו מ ע ר 3" איז א זעהר הילצערנע זאך. שטעקט אפשר א סימבאָל אין דעם נאָמען „טיהר"? ווער ווייסט? איך ווייס נאָר, אז דאָס שטיק איז טרוקען ווי א ט י ה ר און פונקט אזוי פ י ־ ק א נ ט. אז די שפראַך איז מאהאָגעני. די סצענען זייגען עצי גומר — פימסענהאָלץ. די דראמאטישע האנדלונג איז שלאָפצימער־מעבעל (איבערהויפט „מ ע י ב ע ל"!) און די מענשען אליין זענען פריש־אָפגעפּארבטע הילצער־נע גולמ'ס, וועלכע דער פּארפאסער, אָדער דער פאַרפאַר־בער, האָט ארויסגעשטעלט צום טרוקענען קעגען דער רויטליכער זון פון זיין פאנטאזיע.

„ טיהר נומער דריי„ דערמאנט זעהר שטארק אָן ניקאָליי ניקאָלייעוויטש: זי איז זעהר הויך און זעהר פלאך. און זי האָט א מאסע פּרעטענזיען. זי איז מעהר פיזיאָלאָגיע ווי געדאנק. מעהר פוס ווי קאָפּ. זי געהט שנעלער ווי זי דענקט. אין מאנכע מאָמענטען — איבערהויפט אין פערטען אקט — לויפט זי מיט דיזעלבע ריזענשריט ווי ניקאָליי ניקאָלייעוויטש איז געלאָפען פון די שלאַכטפעלדער און מען קען זיך נישט כאפּען!

„טיהר נומער 3" איז אויך זעהר א קוריאָזע פּיעסע פון דעם שטאנדפּונקט פון איבערגאנגען. זי געהט נישט איבער פון איין סצענע צו דער צווייטער — נוה זי

שפּרינגט. זי פאָהרט אויף אַן עלעווייטער. זי גיהט פון׳ם ערשטען שטאָק דירעקט אויפ׳ן זעקסטען און — פאַר־קעהרט. זי איז אַ קונציגע פּיעסע, אַן אַקראָבאַטישען זין פון וואָרט. אין איין מינוט פאַרשלינגט זי אפשר עלף מייל דראַמאַ, פערצעהן מייל טראַגעדיע, — אַ חוץ וואָס זי ציהט גלאַט אַזוי, פּאַעטישע סטענגעס פון נאָז, שלעפּט סענטימענט־פּראַזען פון אַרבעל, און האָט בכלל זעהר אַ פלינקען פערטען אַקט — מיט׳ן אויג נישט צו כאַפּען, וואָס דאַרטען טוט זיך!

דער ערשטער אַקט גיהט זעהר פּאַמעליכען; אַ מייל אַן אייביגקייט. עס איז נישט קיין ערשטער אַקט, נור אַ פ ע ר ט ע ר — אַזוי איבריג איז ער! עס איז דער לאַנג־ווייליגסטער ערשטער אַקט וואָס מיר האָבען ווען־עס־איז געזעהען. די האַנדלונג ש ל ו מ ע ר ט איין אויף איהר אייגענעם אַקסעל. עס איז אַ צייטונגס־אויסשניט מיט דעם שטיקעל נייעס, אַז אַן עהרליכער איד, נאַטאַנזאָן, און אַן עהרליכע מאַמע, נאַדאָלסקי, און אַן עהרליכער ברודער, היימאַן, האָבען אַ ברודער־קעסלער וואָס איז אַ יאַנקעל־בוילע אין אַ שוואַכער אַמעריקאַנער איבערזעצונג.

דער צווייטער אַקט הויבט שוין אָן געהן אביסעל שנעלער. עס הייזעלט זיך. עפנונגס־סצענע: די מאַדאַם פון הויז שטעהט לעבען אַ יאָהרצייט ליכט און — ליריזירט. זי איז אַ פרומע גאָטספורכטיגע פרוי מיט אַ פּאַרוק און דאָך האָט זי אַ הייזעל. פאַר וואָס דוקא זי? פאַרוואָס דוקא׳ אַן אַלטמאָדישע פרוי מיט אַ פּאַרוק? איז דער ענטפער, אָ, די אידישליכקייט! און אָ, די ראַדיקאַל־שטשינע פון די יאָהרען 1901-1905! און נישט נור זי אַליין איז אַזוי קאַריקאַטורנע גאָטלעסטערענדיג, נור אויך דער באַנדיט „דעיגאָ“, וועלכער דערצעהלט אַז ער האָט געשלאָגען אַ אידען, דערפאַר וואָס יענער האָט גע־געסען אום יום כפּור. וואָס־פאַר־אַ קאָמפּלימענט צו דער גרופּע „ברויט־און־פּוטער“! וואָס פאַר אַ שמיר איבער די ליפּען מיט ראַדיקאַלען חזיר־פּעטס דעם גאַנצען פריוהייטס

קעמפערטום פֿון ליבערטי פּאַרק! און דאָס הייזעל אַליין! פֿען פֿריינד קאַבּרין ווירקליך אַ הייזעל, וואו מען רעדט אַזוי וועניג שמוציגע רייד? ווייסט ער פֿון אַ באָרדעל וואו עס קומען פֿאַר אַזעלכע אונאַנשטענדיגע אונאינטערעסאַנטע און העכסט־באַשרייבליכע זאַכען, ווי אין זיין צווייטען און דריטען אקט? האָט עמיצער פֿון אונזערע קאָלעגען ווען עס איז געזעהן אָן אָרגיע וואָס איז אַזוי פֿאַרשלאָפֿען, ווי די סצענע ווען די מיידלאַך שיכור'ען זיך אָן און זינגען יאַקאַהולאַ? ווייסט עמיצער פֿון אַזאַ כשר בהמה'לע און נאַאיווע אידיאָטקע ווי ראָזע די גרינע באָרדערקע, וואָס וואוינט „נעקסט דאָאָר" און פֿאַרליעבט זיך אין דעם פּרעמיער־קאַדעט מיט'ן גאַנצען פֿייער פֿון איהר יונגער זעעלע, נישט האָבענדיג דעם מינדעסטען שאָטען פֿון אַ חשד אַז ער איז אַ קאַדעט? און אפילו דאַמאָלט ווען די ביז־צום־ביין־אויסגעטועטע כאָריסטקעס פֿון קעסלער'ס טעאַטער קומען ארויף אויף דער סצענע אַלס מחותנת'טעס, און דער אבשייליכער דעיגאַ איז אב־וועזענד צוזאַמען מיט זיין שרעקליך־מערדערישען פּנים, אפילו דאַמאָלט ווייסט נישט די פֿרעכטיגע ראָזע פֿאָן לעאָנקאָברין, אַז דאָ איז אַ הייזעל און אַז איזי איז אויסען זי צו פֿאַרפֿיהרען.

מערקט אייך: מיר, טעאַטער־געהענדע חכמים־ונבונים, מיר אָרקעסטער־און־באַלקאָני פֿילאָזאָפֿען, דער־קענען גלייך אָן איזי'ס ערשטען אויפֿטריט, אַז ער איז אַ גאָרגעלשניידער. זיין נאַאיווע מאַמע, מיט דעם ליגענזאָגענדיגען „מוטער־הערץ", איז חושד אַז ער געהט אויף קרומע וועגען, נור די ראָזע פֿאָן לעאָנקאָברין איז נעביך אַזאַ פֿינסטער בהמה'לע, אַז זי ווייסט פֿון גאָר נישט. אין דעם מאָמענט, ווען זי נעמט ארום דעם חתן, דעם שכן פֿון „טיהר נומער דריי" און קושט איהם און ווינשט אַז אַלע אידישע מיידלאַך זאָלען כאַפּען אַזאַ גליק ווי זי האָט געכאַפּט, דאַמאָלס מאַכען „מיר" אַלע אין טעאַטער „בו־הו". ווארום? ווייל מ י ר זיינען קלוג און מיר ווייסען,

אַז זי, די וואונדערבאַרע ראָזע פון לעאָנקאָברין, גערהט נעביך אין פייער אַריין... אָבער זי — זי ווייסט גאָר־נישט־נישט, ניעטשעוואָ, נאַטהינג, ניקס!

איך האָב שוין אַמאָל געזאָגט, אַהן אייער ערלויבניש, ליעבע לעזער, אַז קאָברין שרייבט נישט קיין ליטעראַטור דורך וועלכע מען ווערט, מיט דער צייט, אונשטערבליך. אַנשטאַט דעם שרייבט ער ד י ר ע ק ט שטיקער אונ־שטערבליכקייט, וואַרפט ער אַרויף אויף דעם מאָגערען סקעלעט פון אַ לייטאַרטיקעל־אידעע פעטע שטיקער אונ־שטערבליכקייטס־פלייש, קומט דערפון אַרויס אַ דראַמאַ־טיש באַשעפעניש מיט אַ גרויסען וואַסערבויך און מיט אַ רומאַנטישער נשמה, ווערט דערפון אַ וואָלקענבראָך פון קונסט, אַ פאַרשווימונג פון ליטעראַטור־און־דראַמאַ.

„טיהר נומער דריי" איז נישט קיין שלעכטע פּיעסע. ווען זי זאָל זיין שלעכט וואָלט נישט געווען שלעכט. אַ ליטעראַט ווי קאָברין האָט דאָס רעכט צו זיין טאַלאַנט־לאָז, פון צייט־צו־צייט, פונקט ווי ער, אַלס מענש פון גוטער ליטעראַרישער ערציהונג, האָט אַ רעכט צו זיין זשעניאַל אַזוי אָפט ווי ער וויל. דאָס שטיק איז אָבער טעאַטראַליש ג ו ט און — דאָס איז שלעכט. דאָס שטיק איז, אַזוי צו זאָגען, אַ פעדעראַציע פון אַלע אידישע טעאַטער־סוקסעסען. עס איז „גאָט פון נקמה" אויף אַזוי־פיעל, וויפיעל אַ נאַכט אַהן אַ לבנה איז אַ לבנה־נאַכט, אָדער ווי דער נאָמען ביסמאַרק אָהן דעם „בי" איז אַ קאָמפּלימענט.

פאַרוואָהר, פריינד קאָברין: איך האָב צו אייך גאָר נישט דערפאַר, וואָס איהר ווילט שטעלען אַ הייזעל אויף דער ביהנע. ווייל וואָס קען זיין פּראָבלעמאַטישער ווי אַ הייזעל? וואָס קען זיין דראַמאַטישער ווי דאָס רויטע לאַמטערנדעל? אָבער — ווען שוין יאָ אַ הייזעל, מאַכט עס אינטערעסאַנט, לעבעדיג, רעאַליסטיש, אונשפּיעלבאַר און — לאָזט עס ליגען אין שיפלאַד פון אייער שרייבטיש. פּאָר חברים וועט איהר עס קענען פאָר־

לעזען, זיי וועלען הנאה האָבען און אָפּשעצען אייער גרויסען טאַלענט. אָבער צו געבען אַן  ע נ ט ה י י ז ע ל ט  הייזעל, צו וועלכען דעם צוקוקער'ס געדאַנק מוז זיך אָנשטרענגען, כדי צו ווערען אומדרוקבאַר — דאָס איז נישט אנשטענדיג, נישט מענשליך, נישט קינסטלעריש — בפרט ווען איהר זענט אַזוי ווייניג ראָמאַנטיקער, צו קענען דיכטען א באַרדעל שיר־השירים, צו פאַרוואַנדלען דעם פיזיאָלאָגישען מיסטבאַרג אין אַ באַרג פון צאַנקענדיגע פאַקלען און אויסגעהענגטע לעבענס.

דער סוף פון שטיק: „ער" האָט חתונה. אָבער דער „אונטערפיהרער", דעיגאַ, רואינירט זי דערוויילע מיט אַלע מיאוס'ע איינצעלהייטען פון אַ קלינישען פראַטאָקאָל. „מיר" הערען איהר קרעכצען הינטער די קוליסען. „ער" טעלעפאָנירט צום פאָטער, אַז ער וויל תשובה טון, אָבער יענער „שניידט איהם אָפּ" פון טעלעפאָן. ער רופט די מוטער. ס'מוטער־הארץ ערוואַכט. ער האַלט אַ לאַנגען מאָנאָלאָג צום טעלעפאָן און דאָס טעלעפאָנדעל ענטפערט. ער מעלדעט דער פאָליציי, אַז ביי זיי איז אַן אונאַנשטענדיג הויז. עס קומט די פאָליציי. ער שיסט דעיגאַ'ן. ער שיסט זיך. מ'ברענגט אריין — אויף אַ טראָגבעטעל (באמערקונג פון משה נאדיר: עקעלהאַפט!) — דעם רואינירטען קליניק, פריילין ראָזע, און — דער מוסר השכל דערפון איז: וואוינט נישט אין טענעמענט הייזער, איהר באַזוכער פון קעסלער'ס טעאַטער! וואוינט אין גאָלדענע פאַלאַצען פון מירמעלשטיין! וואוינט אונטער די קאָפּעליושען! וואוינט וואו איהר ווילט, נור נישט אין טענעמענט הייזער, ווייל — אַך, און אָהאָ, און אַזוי־און־אַזוי! און דאָס איז זעהר אַ טיעפע אידעע.

פון די שפּיעלער האָט זיך אויסגעצייכענט הערר ד. קעסלער אין דער ראָלע פון יאַנקעלבוילע. ערשט  א י צ ט  האָט ער זיך גענומען שפּיעלען יאַנקעלבוילע. ערשט היינטיגע וואָך האָט ער גענומען פאַרשטעהן דאָס פּיגני־

סימא פון בוילע׳ס לירישען טראגיזם. וואס שייך זיין איצטיגע ראָלע פון „איזי די בעיבי“ וועט ער זי וואהר־שיינליך אָנהויבען צו שפּיעלען ערשט מיט א צוויי־דריי פּיעסען שפּעטער!

# דער אידישער גלויבען

אוטאָר: העגרי נאַטאַנסאָן.
איבערזעצער: מאַרק שווייד.
טעאַטער: קעסלער׳ס.

...טון גוטע געשעפטען אויף דער בערזע און פיהרען א שעהן הויז. דער אלטער הערר לעווין האָט האָלד צוויי זאכען: דאָס אידישע גלויבען און גוטע, שבת׳דיגע לאָקשען. מילא לאָקשען באקומט ער. גלייך אין ערש־טען אקט. אָבער דאָס גוטע ביסעל גלויבען — הע! וואו וועט ער נעמען?

די ליידענשאפטען פון דעמסנעמליכען לעווין זענען אויך אקוראט געגוי צוויי אין צאָהל. ער האָט ליידענ־שאפטליך ליעב אויסצולעשען ס׳ליכט פונ׳ם גראנדיעד־זען, צוואנציגסטען יאָהרהונדערט. ביי יעדער געלעד־גענהייט לעשט ער אויס ס׳ליכט, אפילו פרייטאָג־צו־נאכטס נאָכ׳ן קידוש. און ער האָט ליידענשאפטליך פיינט דעם באנקיער הערמינג, וועלכער איז אי א שטיקעל אנטיסעמיט, אי א ל אַ נ ד ס מ א ן. שרעקליך!

ביי לעווינ׳ען אין שטוב, איז אלצדינג פיין, באַלע־באטיש, נחת׳דיג. איין זוהן איז א פארהייראטער מאַן. דער צווייטער זוהן איז א דאָקטאָר. די טאָכטער איז אינטעליגענט און געהט צו פאַרלעזונגען אין אוניווערזי־טעט. אלע קינדער גיבען אָפּ כבוד דעם טאטען. און דער טאטע נעמט ס׳זעלבע ביסעל כבוד און גיט עס צו־ריק די קינדער. בקיצור, אלצדינג וואָלט געווען

וואוויל, פיין. נאר די טאכטער „ספאילט" די „ביזנעס". פאר איהר איז נישט גענוג ל י ב ט. זי וויל מעהר ליבט און מעהר ליעבע. זי זאגט: ביי אונז איז אלצ־דינג אזוי פארגליווערט ווי אויפ'ן טויטען ים. דער דאקטאר פריוואט אפדינגען אביסעל פון דעם פארגלייך מיט'ן טויטען ים און די שוועסטער צעוויינט זיך. עס ווייזט זיך ארויס, אז זי איז פארליעבט אין דעם דר. הערמינג, א זוהן פון באנקיר הערמינג. דער אלטער ברענט, זידט, שוימט, באקומט היסטעריקע, און ענדליך בויגט ער זיך אביסעל. אבער ווען סע קומט צו פאר־האנדלונגען מיט'ן באנקיר וועגען דער רעליגיע פון זיין טאכטער'ס נאך־ווייט־נישט־געבוירענע קינדער, מישט זיך אריין ד ע ר א י ד י ש ע ר ג ל ו י ב ע ן און סע ווערט צו־נישט. אבער דער יונגער הערמינג, וועל־כער איז מסתמא א לעזער פון יאנאווסקי'ס בריפקאַ־סטען, בארעבענט זיך, אז ס'איז פאראן א מיטעל: ד י ק י נ ד ע ר װ ע ל ע ן ז י י ן נ י ש ט ק י י ן ק ר י ס ט ע ן א ו ן נ י ש ט ק י י ן א י ד ע ן, נ א ר מ ע נ ש ע ן. ער קומט צו זיין אסתר'ן, וועל־כע איז שוין אין לעצטען אקט צוריק אין דער היים, און דער אידישער גלויבען איז געראטעוועט, צו דער גרויסער פרייד פון אלע קאסטימער.

---

דער אידישער גלויבען איז א געלונגענע פעדער־צייכנונג אהן פ א ר ב. דער אויטאר, הערר נאטאנסען, קען זעהר גוט די אנאטאמיע פון דעם באשעפעניש וואס הייסט דראמא. ער ווייסט וואו יעדער נערוו געפינט זיך, און זיין פ ו נ ק צ י ע. אבער מישען פארבען קען ער נ י ש ט. ער איז א זעלטענער צייכנער, אבער נישט קיין מ א ל ע ר. דער אידישער גלויבען איז פונ'ם לעבן ארויסגעריסען אין איינעם מיט די ווארצלען. אין איינעם מיט דער ערד אויף וועלכער ער וואקסט. דאס איז א גרויסע ארבייט, א שווערע ארבייט, אן אר־

בייט, וואָס פאָדערט טאַלענט און פאַך־קענטניש, אָבער צו וואָס אריבערטראָגען א שטיק ערד פון באָסטאָן קיין ווילנא? צו וואס נעמען א שטיק לעבען פונ׳ם ל ע ב ע ן, און עס ארויפטרייבען אויף דער ביהנע, אין זיין גאַנצער, גענויער, פיינליכער פינקטליכקייט? דער אידישער גלויבען איז א פיעסע, וואָס זיצט אין דער היים, און מ׳ברענגט איהר אין שטוב אריין פון אלדעסגוטס. אז זי שטעהט אויף אין דער פריה, טרעפט זי שוין ביי דער שוועל דאָס גוטע ביסעל באַאָבאכטונג, דאָס פיינע ביסעל גערדאנקען, דאָס רייכע ביסעל נישט־דערזאָגטקייט. פון אלע טירען און טויערען ציהט מען זיך צו דעם פונקט וואו די דראמא שטעהט אויף איין פוס, און לאַנגווייַלט זיך אויף א זעהר אינטערעסאנטען אופן. יעדעס מאָל וואָס א מענש קומט אריין, ברענגט ער מיט זיך עפּעס פאר דער דראמאטישער געביידע, א ציגעל, א שויב, א שינדעל, אביסעל ליים. אמת, דער ארכיטעקט נאטאנ־סען איז א מענש מיט פיינע מאנירען, ער שרייט נישט אויף די ארבייטער, ער טומעלט זיך נישט, די הענט זע־נען ביי איהם נישט פארשמירט מיט קאלך. אָבער איהר זעהט, הערט און פיהלט, אז ער בויט. און איהר ווייסט דיאָס מיאָ! אז מעהר ווי מיט א דאך קען זיך דאָס נישט ענדיגען. העכסטענס מיט א פעהנדיל א ו י פ ׳ ן דאך.

„דער אידישער גלויבען“ איז, אין בעסטען פאל, זעהר ס ק ו ל פ ט אָ ר ע ס ק, אָבער נישט פיקטורעסק, נישט פארביג. זיינע מעלות זענען די מעלות פון א קינסטלע־רישען שטיינבילד, וועגען וועלכען מיקעל אנזשעלאָ זאָגט, אז מען מוז עס קענען אראָפּוואַרפען פון א בארג און עס זאל זיך נישט צעברעכען. די דיאלאָגען פון „דער אידישער גלויבען“ זענען געשניצט מיט א קליין פעדערמעסערל. אזוי פיעל ליעבליכע אָרנאמענטען, שענע הויזליכקייטען, אָבער אלצדינג איז אזוי גרוי, נישט ווארים. — אפילו דער אפגלאַנץ פונ׳ם קאמין־פייער. עס

איז א וועזען, וואָס געהט מיט קליינע, ווייבליכע שריט, און סע האנדעלט אזוי שטיל, אזוי מאנירליך, און סע שפּריצט אויף זיך פּארפום, און סע רעדט נישט קיין איבעריגע רייד. עס איז א פּיעסע, וואָס זאָגט נישט קיין ליגען, געהט זויבער אָנגעטון, האָט א שעהן געזיכטעל, אָבער זי אינטערעסירט אייך נישט.

דאָס ערקלערט אביסעל פּארוואס דער עולם איז נישט זעהר פּ א ר כ א פּ ט פון דעמדאָזיגען שטיק, פּאר־וואָס עס נעמט איהם נישט מיט. ער באגלייט די פּיעסע בלויז ביז צו דער סטאנציע. אָפּפיהרען זי אהיים און שטעהן מיט איהר אין „האָל", אין דער פינסטער, וויל ער נישט, ווייל זי איז צו נ אָ ב ע ל. אין דער קעס־לער'שער אויפפיהרונג האָט דאָס שטיק א סך געליטען דערפון וואָס מ'האָט עס „געטויפט" מיט שמירה־וואסער, און ניט מגיר געווען לויט'ן אידישען דין פון מילה. מארק שוויד, דער איבערזעצער, האָט דארויף געשפּריצט אביסעל טויף־וואסער, און ס'איז ארויס אזוי גוי'עש ווי פריהער, נאָר מיט א זיידענער יארמולקע. דער ריטואל פון קינסטלערשער ב א ש נ י י ד ו נ ג האָט געפאָ־דערט, אז מ'זאָל דאָס שטיק מאכען א י ד י ש פאר דעם אידישען טעאטערגעהער. ווען דער פּשוט'ער מענש זעהט, אז דער געוויסער איד לעשט אוים שבת די ליכט און איז נישט זעהר שטארק דאנגענען, אז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבען מיט אן אָנשטענדיגען קאטאָליק, קען ער נישט פארשטעהן פארוואָס אזא מענש זאָל זיך איינ־שפּארען און בשום אופן נישט וועלען, אז זיינע אייניק־לעך זאָלען זיין קריסטען.

די פּיעסע איז אויך פול מיט אזוינע דייטשיזמען ווי מיט־גיפט (חתן־מתנות, אָדער כלה־מתנות) און „פאנגען מיר אָן צו מאכען קידוש", אָדער „שפּעסע" (וויצען). אָבער ס'איז נישט מעגליך צו גלויבען, אז דארין איז שולדיג מארק שוויד. גיכער איז צו גלויבען, אז די שווי־

שפיעלער האָבען אליין געפונען פאר נויטיג צו פאר־
דייטשען דאָס שטיק, אויס גרויס דרך־ארץ צום ווערק.

קעסלער איז געווען אן אויסגעצייכענטער אדאָלף לעווין, פּאַטערליך, קאפריזנע, פּאַטעטיש. עס איז שוין א לאנגע צייט, זינט קעסלער האָט געשאפען אזא לעבע־דיגען מענש, אפילו רפאל פרידלענדער קען זיך נישט פארגלייכען דערצו. מאָריס שווארץ איז געווען פיין, סטיליזירט, אידישליך־אריסטאָקראטיש און זיין שוויי־גען האָט אזוי פיעל ג ע ר ע ד ט! בירנבוים האָט גע־שאפען א גוטע אילוזיע פון דעם סענטימענטאלען קריסטליכען יונגענמאן, וואָס הויבט זיך אריבער איבער זיינע אידישע חברים מיט זיינע גוטע מאנירען, פיינעם טאָן, און אפילו צום סוף, ווען דער אויטאָר מאכט איהם פאר א ראדיקאלען פראזענשלייפער, אפילו דאָרט בלייבט ער אלץ עלעגאנט, פּראָפעסאָריש, פיין. היימאן איז געווען זעהר גוט אין דער צילינדערהוט סצענע, וואו ער האָט זיך געהאלטען אזוי אונטערטעניג, פארשעמט. אין די איבריגע סצענען איז ער געווען צו נויאָרקעריש. מאדאם ווילענסקי איז געווען א זעהר געלונגענע שרה, מיט דער אויסנאם פון עטליכע מאָמענטען אין צווייטען אקט, ווען זי האָט אָנגעשלאָגען א דעקלאמאטאָרישען טאָן. נאטאנזאָן איז געווען אביסעל צו טעאטער׳דיג אלס דער באנקיר הערמינג. מאדאם שנייער איז געווען אן אויסערגעוועהנליך גוטע מאדאם הערמינג, קראנק, צע־שטערט, נערוועז, פּינקטליך, אָפּגעהיט. דער זעהר טאַ־לענטירטער סילי אדלער איז עס היינטיגס מאָל נישט גע־לונגען מיט איהר ראָלע, אלס די אידישע טאָכטער, וואָס דערפיהלט מיט אמאָל, אז דאָס לעבען ה י נ ט ע ר ט י ע ר ן איז א ט ו י ט ע ר י ם, און זי רייסט זיך צו זעלבסט־אויסדרוק, צו דערלעזונג. אין סילי אַד־לער׳ס אינטערפּרעטאציע איז דאָס מיידעל אביסעל אָנ־געהויכט מיט א מין אינטריגאנטיזם, וואָס דאָס איז זעהר נישט געטריי צום טעקסט. בערנשטיין אלס דער ביר־

געריליכער זוהן האָט געהאַט  א י י ן  געלונגענע סצענע, ווען ער ווערט געוואָהר דורכ'ן טעלעפאָן, אז זיין פרוי איז געלעגען געוואָרען. ווייטער איז ער געווען מעהר בערנשטיין ווי יאַקאָב לעווין.

# אפ־טאון און דאון־טאון

אוטאָר : י. קאָרנבליטה.
טעאַטער : טהאָמאשעפסקי׳ס.

„אז א נארישקייט נעלינגט, איז עס אויך — נישט מעהר ווי א פּיעסע״. אזוי האָבען מיר נעטראכט בשעת מיר האָבען נעהאט א ו י ס נ ע ה ע ר ט און אויסגעזעהן אַלצדינג וואָס עס איז נעווען צו הערען און צו זעהען אין „אפטאון און דאונטאון״. מיר האָבען נעטראכט דעמדאָזיגען גערדאנק, אזוי שטיל ווי מעגליך, כדי די הויכגעשטעלטקייטען פון נעשאָנעל טעאטער זאָלען עס נישט דערהערען. די נעמליכע הערען האָבען אויף אונז געקוקט מיט הייסע זידעלווערטער און מיט פארניפטעטע קינזשאלען דערפאר וואָס מיר האָבען נעהאט די פרעכהייט זיך „ארייגצוגליטשען״ אין זייער טעאטער, אָהן זייער נגעדינער ערלויבניש.

זענען מיר אלזאָ גענעסען דוקא אויף אונזער פּלאץ און נעטראכט צו זיך — וואָס מיר האָבען געטראכט. מיר האָבען געטראכט און א ו י ס נ ע ש ט ר אָ כ ע ן דאָס פון־אונז־נעטראכטע; און נעלינדערט דעם סטיל, און אוועקגעשיקט אונזער שפּראך צו א ש ל י י פ ע ר, אז ער זאָל זי אויסשלייפען, און מיר האָבען אוועקגעטראָגען אונזער מיינונג צו א סטאָליער, ער זאָל זי א ביסעל אויספאלירען און אפשניצען די שארפע בּרעגען און

אויסהובלען א גלאטקייט פון אויבען, ווייל זי איז צו ר ו י ה ! און דאן האבען מיר אונזער רויהע מיינונג אוועקגעטראגען צו א גאלדשמיעד, ער זאל זי אפניסען מיט גאלד פון מליצה און אריינזעצען אין איהר עטליכע עדעלשטיינערדיגע אפאריזמען, און דאן האבען מיר אונזער געעהרטע מיינונג אוועקגעפיהרט אין א מאניקיור־פארלאר און איהר געלאזט אויספוצען די שארפע נעגעל, און מיר האבען איהר געלאזט אויסקאמען דאס פארוקעל, מיט א שרימפ אין דערמיטען; און מיר האבען זי באשפריצט מיט א וואסערל, און מיר האבען איהר אריינגעלעגט אין דער אויבערשטער ברוסט־קעשענע א פייןוויים טאשענטיכעל, מיט די שפיצען ארוים. מיר האבען איהר געגעבען אין די הענט אריין א שפאציער שטעקעלע, און מיר האבען זי ארויסגעשיקט אויף דער וועלט — א לייטישע, א פארקאמטע, א ציוויליזירטע.

ניין. אונזער מיינונג איז היינטיגסמאל נישט קיין ר ו י ה ע. מיר זענען נישט אויפגערעגט. מיר שמייכלען. זעהט אונזער שמייכעל ! באמערקט אונזערע ווייסע ציין ! באטראכט ווי רוהיג מיר קוקען אויף אונזער שפיץ־פעדער און ווי מיר באוואונדערען אונזער שעהנע האנטשריפט. אויפרעגען־זיך ? גאט מיינער ! ווער האט עם אזויפיעל כח ? ווער האט עם אזויפיעל אטעם אין זיך צו באשעלטען אלצדינג וואס איז ווערט באשאלטען צו ווערען אין דער פרעסע און אויף דער ביהנע ? ווער האט עם אזויפיעל דונערקראפט אין זיין נשמה, צו באדונערען אלצדינג וואס עס איז פויל און פלאך און פ ו י ל ע ר און פ ל א כ ע ר און ז ע ה ר ־ פ ו י ל ע ר און ז ע ה ר ־ פ ל א כ ע ר אין אונזערע קונסט־טעמפלען ?

* * *

„אפטאון און דאונטאון“ וואלט נישט געווען קיין שלעכטע פיעסע, ווען זי זאל נישט האבען אזא גוטען ערשטען אקט ! דער ערשטער אקט שטערט — מיט זיין

נוטקייט. ער שטרייכט אונטער. ער גרילצט אין די אויגען.
ער איז פונקט, א שטייגער, ווי מען זאָל נעמען אן אלטען
שלאָפראָק און איינגעהען אין איהם א גאָלדענעם אר־
בעל. דער ארבעל פאר זיך איז גאנץ פיין. דער שלאָפראָק
אויך, אָבער פון ביידע צוזאמען, זאָלסטו אונז גאָט אָפּ־
היטען!

די מעשה דערפון: אן אָרימער דאון־טאונער „טהאָ־
מאשעווסקי" (א מין לייזערעליע!) האָט זיך פארליינט
אויף א פאטענט אויסצוגעפינען אזא מין ק אָ מ ב י־
נ א צ י ע ־ ב ע ט. אלע חוזק'ען פון איהם. אפילו די
קינדער. אָבער ער גלויבט דערין. ער גלויבט אז דאָס וועט
זיין די הימעל־לייטער וואָס וועט איהם אוועקפיהרען
אין די הויכקייטען פון אפטאונער לעבען — צו א לעבען
פון לוקסוס און אפענדיסיטיס. און כך הוה. שלום־ער־
שטען־אקט קומט אריין עפעס א מיליאָנערעל און
ערקלערט אז דער „פעטען מיט די בעטען" איז אָנגענומען
און, אז ער נעמט איהם צו פאר א שותף. אין צווייטען
אקט איז ער שוין א גביר און האָט אן אייגענעם באלעט
מיט אלטווארג, וואָס טאנצען צו דער מוזיק פון רומ־
שינסקי. עס צעוויקעלט זיך פאר אונז דער אפטאון אין
זיין גאנצער שרעקליכער, טאנצענדיגער זינגענדיגער,
שרייענדיגער, האָפּקענדיגער און יאקאהולא'דיגער געש־
שטאלט. עס פלאצט פון הינטער די קוליסען מיט מייד־
לעך וואָס טראָגען א ב ו ו ע ז ע נ ד ע קליידלאך. עס
דונערט די זאָקענוואַרג און עס בליצען די אונטערקליי־
דער, און עס שטורמען די אינטעלעקטען וואָס וויגען זיך
אהין־און־צוריק. ער צעהיפּאָדראָמ'ט זיך! עס קומט
אריין לייזערעליע מיט די פעטענטס. מיט די טעכטער.
מיט'ן איידעם. מיט'ן ווייב. מיט'ן כאָהר. מיט א שטיק
פון „דער זיעבענטע טאג" — פון דייטשען טהעאטער.
מען ערווארטעט דעם באראָן פאר דער טאָכטער. עס
קומט דער געוויסער באראָן (זעדר אן אָנגעוועהטאָגטע
פראגע ביי אידען — די באראָנען־פראגע!) אלע בויגען

זיך פאַר איהם ביז צו דר'ערד. די אַלטע לייזערעליעבע רעדט אַ יונגען אָבער פאַרדאַרבענעם ענגליש. קעסטין איז גלאַט־אַזוי אַנגעוואָרפן. מיט אַ געשטרייפטע וועסטיל און מיט אַ ברוין פראַקעל. מען זינגט מען טאַנצט, מען ווייגט די אינטעלעקטען. עס טאַנצען די נאָבעל־לייט פון דער באַריסטען־יוניאָן. עס טאַנצען די „גראָסמוטערס" פון דעם אידישען פאָלק. עס הויבען אויף די פיס צום זימעל די עטליכע „אַפּטאַונער" מיידלאַך. עס ווערט טאָג־און־נאַכט און ו ו י ד ע ר טאָג און ו ו י ד ע ה נאַכט. און עס קומט דער באַראָן און זיין העכסט דע־קאָראַטיווער טאַטע און ווילען אויסנאַרען ס'געלט. מישט זיך אריין דער יאַפּאַנעזישער „באָטלער", ג. רובין און שרייט אויסעט: ניין! אַ. ז. וו. און עס ווייזט זיך אַרויס אַז? — רובין איז גאָרנישט קיין יאַפּאַנעזער נאָר אַ ליט־וואַק. און דער באַראָן איז נישט קיין באַראָן נאָר — אַ העלנער. און די וועלט איז נישט קיין וועלט נאָר — פאַרקעהרט. דער סוף איז אַז? — אַז אַפּטאַון הויבט אָן בענקען נאָך דאַונטאַון. מען בענקט נאָך „געפילטע פיש" און דאָס בלוט פון פרישע קנישעס הויבט אָן רופען צ ו ר י ק. מען זינגט אַ ליעד, אין וועלכען מען לויבט אַפּטאַון און מען בענשט דאַונטאַון. מען ענדיגט דעם א ו י ס ג ע ' ח ל ו ם ' ט ע ן סטרייק פון די אַרביי־טער, מען רופט אויס: „מיר זענען אַלע ברידער. דאַונ־טאַון און אַפּטאַון ווישיסקאָ יעדנאָ אַלעם ענאַל, אָל דהי סעים", און שלום.

ווי איהר זעהט איז „אַפּטאַון און דאַונטאַון" זעהר אַ אידישע קאָמעדיע! וואָרים ווען מען איז נישט באַקאַנט אַז אידען אַלס אַ פאָלק ליידען זעהר שטאַרק דערפון וואָס מיר האָבען צופיעל באַראָנען און בכלל ווייל מען האָט ביי אונז, אין דער אידישער גאַס, צופיעל דרך־ארץ פאַר אדעל־לייט! און ווער פון אונז איז נישט איבער־צייגט פונקט ווי דער מחבר פון „אַפּטאַון און דאַונטאַון" אַז אין די דאַונטאַונער קנישעס ליגט אַ טיעפער מאָראַ־

לישער כח, און אז דער אפעטיט צו קנאָבעלבאָרשט, איז שטאַרקער ווי דער פאַרלאַנג צו זיצען אויף א טראָהן און געניצען ! און ווען ווען איז נישט באקאַנט אז אין אזעלכע פאַלען, פאסירט געוועהנליך, אז דער העלד ווארפט אוועק ווייב און קינדער, פאַרלייקענט זיין טאַטע־מאַמע, און איינמאל — אין א קאַלטער שטורעמדיגער ווינטער־נאכט, ווען ס׳איז ווארים און אויסגעשטערענט, כאפט ער אויף זיך א פעקעלע מיט טויזענדערם און לויפט אוועק ראונטאון עסען קנישעס צווישען זיינע איינענע ברידער?

„אפטאון און דאנטאון" איז נישט נאָר א קאמעדיע אַן־און־פאר־זיך, נאָר אַן „אויפשטאנד" פון אלע דייטשע און ענגלישע און פראנצויזישע קאָמעדיען. די פיער אַקטען לעבען אזוי אָפּגעזונדערט איינס פון ס׳אַנדערע, אז ווען זיי באגעגענען זיך אין גאַס וואָלטען זיי זיך נישט דער־קאַנט — אפילו אין דער ש פ ר א ך ! און איין גאָט אין הימעל ווייסט ווער ס׳איז שולדיג. דער מחבר קאָרנבליט, אָדער דער ביהנען־מייסטער טהאָמאשעווסקי, וועלכער האָט די פיעסע געאידישט? עס איז נישט צום גלויבען, אז די זעלבע האנט וואָס האָט געקאָנט אָנשריי־בען אזא פיינעם און לעבעדיגען און רויטבלוטיגען ער־שטען אקט, זאָל קאָנען אזוי פארפושען דאָס איבריגע.

* * *

הער טהאָמאשעווסקי איז געווען זעהר גוט אין ער־שטען אקט. ער האָט זיך געהאלטען ווי א לעבעדיגער מענש און איז געווען פיין גרימירט. אָבער אזוי גיך ווי ער האָט פון זיך אראָפּגעוואָרפען די באָארד און זיך גענומען חנ׳דלען איז ער געוואָרען דער געוועהנליכער טהאָמאשעווסקי און ער האָט זיך גענומען אויפפיהרען ווי א באנקעט און עס האָט פון איהם גענומען קאפען דאָס גאָלד, און זיינע פינגער־דימענטען האָבען זיך צע־שמאָלצען אין זייער איינענעם פייער.

# די וועלט אין פלאמען

אוטאָר: אָסיפּ דימאָוו.
מעטער: אַדלער׳ס גרענד.

האָס לעבען איז די לעצטע צייט שטארק רעקלאמירט געוואָרען צווישען די מאסען, איז געוואָרען פּאָפּולער ווי א צייטונג־ראָמאן. עס איז די נייעסטע ע ר ש י י נ ו נ ג אין דער אידישער גאס. לעבענס־בילדער, לעבענס־ווערק, לעבענס־באשרייבונגען, לעבענס־צוועקען. מען לעבט נישט נאָר מ׳שטודירט ס׳לעבען, מ׳פאָרשט עס אויס, מ׳שפּיאָנירט עס. עס איז די לעצטע מאָדע. דער פארשטעהה־ס׳־לעבען־קולט שפּרייט זיך אויס פון דער טויבענפּאָסט, בינטעל בריעף ביז זשאן קריסטאָף, פון שעקספּיר ביז מנחם מענדעל דאַליצקי, פון וויייטסטען אנומעלט ביז דעם נאָהענטסטען אָט־אָט. גיט מען אייך נישט דעם פיינעם אונטערקלאנג פון לעבען, נישט דעם זיידענעם נאָכגערויש, נישט די ווייסע פארשלייערונג. נאָר די זעהר רעאלע, טאָפּעלפּיסיגע כלה אין איהר גאנצער נאָהענטקייט, מיט איהר גאנצער אונמעגליכקייט.

דימאָוו׳ס ו ו ע ל ט א י ן פ ל א מ ע ן איז נישט דאָס טרוקענע לעבען, איז נישט די טויטע ווירקליכקייט וואָס אלע קאָנען זעהן אין גאס, אבסאָלוט פריי, נאָר די פיעלפאך־לעבעדיגע אויסגעטראכטקייט, דער אונשעהנער, באנאלער אמת אין א גאָלד־פורעם פון לעגענדע, פון עפּאָס, פון סאגא. דימאָוו׳ס ו ו ע ל ט א י ן פ ל א מ ע ן איז א שפּיעל, א ביישפּיעל, עס

איז, לאָמיר זאָגען, אַן עלעגאַנטער זיידענשפּיץ אויפ׳ן אונטערקלייד פון דער מאדאם רעאליזם. א פיינער זשעסט פון דער אונפיינער, טיעפליגנערישער אמת׳דיגקייט. עס איז א שטעלט־זיך־פאַר דראמא, מיט דימאָוו׳ן אין הינ־טערגרונד, מיט דימאָוו׳ן אין פאָדערגרונד, מיט דימאָוו׳ן אין מיטען. עס איז דימאָוו, דימאָוו אומעטום. און פונקט ווי שעקספּיר׳ס קלעאָפּאטרא און סקאָט׳ס מאריא שטו־ארט זיינען אמת׳דיגער ווי די אמת׳דיגע, אזוי איז דימאָוו׳ס דראמאטישער ביישפּיעל פיעל אמת׳ער ווי די לעבענסבילדער וואָס זיינען ארונטערגעשריבען גע־וואָרען דירעקט פון דעם לעבען, ארונטערדראמאטיזירט געוואָרען דירעקט פון דעם מוטער׳ל נאטור.

„די וועלט אין פלאמען“ — איז א פרינץ אין דער אידישער דראמען־משפּחה. און פונקט ווי א פרינץ ווערט בלויז א פרינץ ווען מען טוט איהם אן אין די פורפור קליידער, אזוי ווערט אויך דימאָוו׳ס שטיק א מייסטער־ווערק דורך די קליידער, דורך דעם פאָרם.

אויסגעטוענערהייט איז די דראמע כמעט גאָרנישט, אָדער כמעט א ל צ ד י נ ג. זי איז ברייט און גרויס־געוואקסען. זי זיפצט און לאכט, פּרעדיגט און ווערטעלט זיך. אין איין האנט טראָגט זי א דונער, אין דער אנדע־רער — א טרערען־טעפּעל. אָנגעטון אין א שארלאך־מאנ־טעל פון גוטען געשמאק, באצירט מיט די פיינע פינגער־רינגען פון טעכניק, געקרוינט מיט א היטעל פון גערדאנק־ליכקייט, איז די „וועלט אין פלאמען“ שעהן און פרינצ־ליך, טראגיש און אפאָריזמיש, און די פערטהאלבען טע־אטער־שעה, וואָס קומען צו איהר צו גאסט, ווערען פאר־פלייצט מיט פארב און ליניען, מיט ריטם און פיינקלאנג.

„די וועלט אין פלאמען“ איז נישט — ניו. נישט ז ע ה ר ניו. ניו איז געווען ניו׳ער. ד. וו. א. פ. איז מעהר רעזשיסירט, ווי אויסגעטראכט. עס איז מעהר אויסגע־סצענעט ווי פארפאסט. דימאָוו האָט די פּיעסע נישט געשריבען, נאָר אויסגעשפּיעלט מיט דער פעדער. דערי־

בער קומט זי אויף דער ביהנע שוין א ג ע ש פ י ע ל ט ע
און אלעס וואס די שוישפיעלער דארפען טון איז —
נישט שטעהן איהר אין וועג, זי לאזען טון וואס איהר
הארץ גלוסט.

דימאוו'ס נייע פיעסע איז נישט נאר סימבאליש, נאר זי איז אליין א סימבאל, אליין א משל אויף א טהעאטער־שטיק וואס קאן פאסירען. דימאוו וויל נישט אז איהר זאלט צוליעב זיין פיעסע פארגעסען דימאוו'ן. ער האלט אז ער איז וויכטיגער פון זיין שטיק. דעריבער דערמאנט ער אייך אין פראלאג, אז ער געהט אייך איבערראשען. דאן ערקלערט ער אייך אין אנהויב פון ערשטען אקט אז דער סורפריז קומט באלד. עס געהען אוועק זעקס הונדערט יאהר — אבער ביים אידישען שוישפיעלער איז עס גארנישט. ער איז געוואוינט צו א רייכקייט פון יאהרען. זעקס־הונדערט יאהר? פו. עס איז ביי איהם גארנישט! באלד הויבט זיך אן די איבערראשונג. טארקוועמאדא איז טויט! עס לעבע פאטער מיכאאיל (ראספוטין?). די צייט געהט — אקטענווייז, אקטענווייז. עס איז די מלחמה־כלות, פלוס דאס שנירעל פעריל, פלוס ראספוטין. נאר שעהן, איידעל און מענשליך געהען די דראמאטישע פארבינדונגען. די עברי איז ריין און לייכט און פול מיט אינטערעסאנטע פארסיפלאזש. פון צייט צו צייט געהט דימאוו'ס וועלט ארויס פון די פלאמען און הויבט אן ווערען וואסערדיג. א איד מאכט קידוש און (פלוצים — אהא!) א טרומייטען־שאל. מ'רופט אין קריעג. ראספוטין ברעכט זיך אויס א פוס און פאלט אריין אהערצו־צו, אט־א־דא צו אונז, אט ווי איהר קוקט איהם אן. די אויסגעלאסענע פרוי געפינט איהר קינד — דעם מסור, וואס האט זיך ערצויגען ביי דעם דר. איסערלעס. ער איז פארליעבט אין איהר — ווי זי הייסט דארטען מיט'ן ביהנע־נאמען! ז י פרענסיסט און לאזט זיך נישט. די אויסגעלאסענע פרוי נעמט זי מיט זיך, כדי צו רעטען איהר טיעפע יונגפרוי־

ליבקייט. דר. איסערלעס נעמט אראָפּ די מזוזה און — נעהט אוועק אין גלות אריין מיט לודוויג זאַץ'ען. א רענדיל אראָפּ, א רענדעל ארויף — עס ווערט מלחמה. מ'טרייבט די זיבען גרענד־טהעאטער־אידען פון רוסלאנד. א געוואלדיגער גלות! און אויבען איז א הייזעל. אונטען איז א קלייזעל. אויבען קומען מענשען, ווי ראָזענפעלד זאָגט, אָפּטון נאָר נבלות; אונטען קומען מענשען קלאָגען אויפ'ן גלות. קומט אריין ראספּוטין און זיין פריינד וואָלף. זיי פארברענגען מיט די מיידלעך. פינטעלעך. ביטע אָנצושטרענגען אייער פאנטאזיע! דאָ ליגט אויך באהאלטען די — ווי הייסט זי? — די טוגענד. דר. איסערלעס טאָכטער.

מ אָ נ אָ ל אָ ג: יאָ־יאָ, כדי א י י ן פרוי זאָל בלייבען ריין, דארפען פינף פרויען אוועקגעבען זייער יוגענד, זייער אונשולד. הע־הע! די וועלט טרינקט זיך אין בלוט. אָבער דאָס ה י י ז ע ל ע שטעהט. אָבער לאָז מען נאָר פּרובען (זעהר הויך) צונעמען די ציגעל פונ'ם הייזעלע! הע־הע! קורץ: הייזעלע, מייזעלע, קליי־זעלע. אונטען דאַוונט מען, אויבען שטעכט איסערלעס טאָכטער איהר ערב־פארפיהרער — וואָלפ'ען. מ'רופט ארויס דר. איסערלעס פון קעלער. וואָלף איז טויט. עס ווערען דורכזיכטיג די ווענט. טאָרקוועמאדאָ ערשיינט. מ'טוט איהם לאָזען וויסען, אז ער איז טויט. ער שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דר. איסערלעס האלט א לאנגע רעדע און ערקלערט, אז דער סורפּריז איז שוין פאראיבער און פאר ווייטערע איינצעלהייטען זאָל מען נאָכקוקען צוריק־צו־רוועג — אין ערשטען אקט, זייטע 132!

* * *

„די וועלט אין פלאמען" איז א וואונדערבאר שטיק — מעסטענדיג פון ליבינ'ען א ר ו י ף. עס איז אן אויס־געצייכענט שטיק — מעסטענדיג פון גאָרדינ'ען א ר ו נ ט ע ר. עס איז א וואוילע פּיעסע — מעסטענ־דיג דימאָוו'ן אויף דימאָוו'ן זעלבסט. האלב־פעהלערען,

דאָ און האלב־פּעהלערען דאָרט. די פּיעסע בכלל לײדעט פון אַן איבערפלוס און אַלצדינג (דאָס שטיק האט אין זיך פון וואָס איהר ווילט — פון דײטשע מאָזלען ביז א וועלט־אונטערגאנג!) אָפט צופיעל ערקלערט און אונטערגעשטראָכען, אָבער די אַלע פּסעוודאָ־פּעהלערען ווייזען בלויז — טאלאנטווערטס, צום לאנד פון דער בעסערער דראמא, פון דעם פײנערען שפּיעל. און וואָלט נאָר דימאָוו נישט פארגעסען אז די וועלט אין פלאמען איז נאָר א ס י מ ב אָ ל פון עפּעס א פּיעסע, א מין פיער אקטיגער פּראָלאָג (אין וועלכען די אקטען פּ אַ ר דעם ערשטען אקט זײנען אזוי קינסטלעריש אוועקגעטראכט!) און וואָלט ער ניט געוואָלט זײן איבערצײנגענד, וואָלט עס געווען א בעסערע דראמא צווישען די זעהר גוטע. אזוי ווי עס איז, איז עס בלויז א גוטע דראמאַ צווישען די בעסערע.

כמעט אלע אקטיאָרען האָבען געשפּיעלט גוט — א טײל האָבען אפילו געשפּיעלט בעסער. אדלער איז געווען אײנדרוקספול, שעהן, אימפּאָזאנט (אפשר ס ו ב ל י ם — ווײל דאָס וואָרט ס ו ב ל י ם קלינגט זעהר שעהן) אלס דער א י י ב י ג ע ר א י ד. ער איז נישט אריין אין דעם ישראליק־טאטע־מאניר, ווי עס איז געוועהנליך דער פאל אין אזא ראָלע. זאָלען איהם די געטער בענשען דערפאר! שאכט איז געווען א זעלטענער ראספּוטין: פלינק, נערוועז, פארגלויבט אין זיך, פּיעטעטפול, שוואכליך, ר ו ס י ש. שעהנגאָלד איז געווען אזוי ווי זײן נאָמען. זאטץ? —מיר זײנען שוין מיעד פון וואַרפען בוקעטען אויף איהם. מאדאם אדלער האָט געשפּיעלט בעסער ווי איהר ראָלע. פראנצים אדלער האָט געהאט א פּאָר פײנע מאָמענטען (אין דער ליעבעס סצענע אין ערשטען אקט איז זי געווען אויסגעצײכענט!) אָבער בכלל האָט זי געמאכט דעם אײנדרוק, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט באהאלטען אין זיך זעלבסט, נאָר זי קאָן נישט, ווײל זי איז צו ג ר ו י ס.

# „קאַרען"

אויטאָר: היעלמאַר בערגסטראָם.
טעאַטער: גריגנווידזש ווילעדזש.
הויפּטשפּיעלערין: פאַניאַ מאַריגאָוו.

אן אָפּרוה. א צו־זיך־קומען.
וויים און שטיל און אויפגערואמט איז דאָס קליינע טהעאטער. וויים און שטיל און אויפגערואמט דיין הארץ.
שטיל. שטיל. מ'בעוועגט זיך קוים.
עס באוועגט זיך קוים דאָס קורצגעשוירענע מיידעל, וואָס ווייזט דיר דיין אָרט, עס באוועגען זיך קוים די צו־זעהער, עס באוועגען זיך קוים די שפּיעלער, עס באוועגט זיך קוים דאָס שפּיעל.
אלצדינג איז אזוי אריסטאָקראַטיש־פויל. אינטערע־סאַנט נאכלעסיג, דיסטינגירט פארשלאָפען.
און דער עיקר דאָס פּובליקום. דאָס געאיידעלטע. דאָס גוט־ערצויגענע.
און פּונקט ווי ביי א זאַלאָטארעפסקי־פּיעסע איז דאָס ערגסטע דאָס זאַלאָטארעפסקי פּ ו ב ל י ק ו ם, אזוי איז אין א ווינקעל־טעאטער דאָס בעסטע, נישט דאָס שוישפּיעל, אָדער שוישפּיעלער. נאָר די צ ו ז ע ה ע ר.
מיט א גרינוויטש־ווילעדזש־פּובליקום איז לייכט אויפצופירען — אפילו די לאנגזאמסטע פּיעסע.
אזוי ווי „קארען" צומביישפּיעל.
וואו מענשען זיצען און זיצען.

שמועסען און שמועסען.
קומען און — געהען נישט.
און זעצען זיך נאָך  א מ אָ ל  אוועק.
אוןריידען ליטעראַטור.
און דערמאָנען — אין זייערע דיסקורסען — טשע־
כאָוו'ען און איבסענ'ען און אנאטאָל פראנס.
פ ר א ־ ה נ ס — פּראָנונצירט מיט אן עכט־פראנ־
צויזישען אקצענט פון
פאניא מארינאָוו.
די ביכערדיגע.
די וואויל־וויסענדיגע.
די זעלטענע !
דאָס שפּיעל „קארען" איז פּונקט ווי קארען אליין :
אן אפען פענסטער אין דרויסען ארויס. אזוי זאָגט עמי־
צער פון די קארעניאנער. און דו זיצסט אין דער ווארעם.
אין דער פינסטער. מיט'ן לעצטען נומער „אטלאנטיק
מאָנטלי" אין טאש, און דו פיהלסט אזוי וויכטיג. ראה־
מענדיג. דעקאָראַטיוו. בין איך מיר, טראכסטו, דער פיי־
נער מענש וואָס זיצט זיך אין דעם פיינעם טהעאטער און
האָט דאָס ביסעל פיינע הנאה, פון דער פיינער מאָדער־
נער דראמא. און דאָרטען שפּיעלט זיך עפּעס — צווישען
די ברוין־גראָהע ווענט, לעבען דער ברייטער טיהר. פון
לעבען די געלבע פאָרהאנגען. דאָס פריילייַן קאָרען
נאָרא'ט זיך איין אין זיך זעלבסט. זי איבסענט. שטיל.
אָהן מוזיק. אָהן קערפּערליכע גימנאסטיק. אָהן הויכע
טריט. און דו האָסט ס'געפיהל, אז דו שטעהסט ביי דיין
אייגען פענסטער, דו קוקסט אריבער איבער'ן וועג, צו
דיין פרעמדען שכן. דו זעהסט : מ'זיצט, מ'רעדט.
מ'הויבט זיך אויף. מ'קוקט. מ'זעצט זיך עסען. דו ווייסט
נישט וואָס דאָרט טוט זיך. דו  ו ו י ל ס ט  נישט וויסען.
דו האָסט פארגניגען פון דעם קוקען אליין. פון דעם
אריבערקוקען אהינצו. פון דער נישט קלאָהרקייט. פון דער
פאָרהאנגליכקייט. פון דעם איינגעהאלטענעם טאָן וואָס

דערגעהט צו דיר נישט. פון די ריהרעוודיגע שאָטענס. פון דער סודות'דיגקייט. דו שטעהסט פארטראכט לעבען דיין טונקעלען פענסטער און דו חלום'סט דיר אוים דיין אייגענעם, וואויל־געווינשטען חלום מיט א רויטען פראָסט פון אויבען. מיט זיבען בלאָהע לבנות. מיט אלצדינג. וואָס ארט דיך, וואָס דאַרט ביי דיין פרעמדען שכן אין הויז, קומט ב א מ ת פאָר? אבי־נאָר דאָס פענסטער פון זיין הויז איז אָפען — צו דיר, און ליכטיג! אבי־נאָר דו קאָנסט שטעהן און קוקען און נישט פארשטעהן, און זיך אָפּרוהען, און זיך פארטראכטען.

„קארען'ס" לעבענסגעשיכטע איז פול מיט איינצעלהייטען. קארען האָט צוויי פארגאנגענהייטען אָנשטאָט נאָר נישט, אָדער א י נ ע, ווי די מאָדע איז, היינטיגס יאָהר, 1918. קארען צייטונגט. קארען שרייבט. קארען איבערזעצט אנאטאָל פראנס. קארען האָט זיך געלאָזט מאָהלען — אָדער זאָל איך זאָגען „פלאסטערען?" — פון דעם סקולפּטאָר סטראנדגאארד. דער נעמליכער סטראנדגאארד האָט אָפּגעבילד'ט איהר נאקעט לייב, און געמאכט דערפון א מייסטערווערק. „קארען" ווערט אויסגעשטעלט אין איהר אייגענער שטאָדט. אָבער דערווייל ליעבעלט זיך אין איהר דער העכסט־אנשטענדיגער האָקטאָר שאו. קארען דערצעהלט איהם פון אידהר פארגאנגענהייט. ווי אזוי זי האָט זיך איבערגעגעבען, אכ־הא, מיט לייב־און־זעעל צו אימיצען. נאָר יענער איז געשטאָרבען און איהר לייב־און־זעעל איז געבליבען — לייִדיג. איז זי געגאנגען און אוועקגעטראָגען איהר לייב־און־זעעל צו דעם קונסט פלאסטערער. אָבער יענער האָט זי נישט פארשטאנען. פארוואָס? ווייל ער איז א מ א ן. עך, ווען ער זאָל נישט זיין קיין מאן, וואָלט עפּעס אנדערש געווען! מיינט נישט דער הערר דאָקטאָר אז זי איז גערעכט? ניין. דער הערר דאָקטאָר נעמט דעם שטעקען און זאָגט א־רעוואואר. פון צייט צו צייט פאלט זיך דער פאָרהאנג. שטיל. געלאסען. אָפּ־

וואַרטענדיג ביז דער לעצטער שוישפּילער זאָל זיך אָפּזאָגען זיינס.

אפּראָפּאָ:

עס איז נישט פון יענע חוצפּה'דיגע פּאַרהאַנגען, וואָס מישען זיך אריין אין סאַמע ברען און שלאָגען איבער די רייד. דער קאַרען־פּאַרהאַנג מישט זיך בכלל נישט אין די „אינערע אנגעלעגענהייטען" פון דעם שטיק. עס פאַלט בלויז דאַמאָלט, ווען סע זעהט אז ס'איז שוין אבסאָלוט נישטאָ וואָס צו טון אויף דער ביהנע. ער פאַלט: נישט כדי אָפּצוהאַלטען די דראַמאַ פון א „שרעקליכער טאַט", נאָר כדי צו געבען דער פּיעסע א געלעגענהייט זיך אוועקצוזעצען און באַטראַכטען וואָס זי וויל.

קאַרען'ס שוועסטער איז אין משוגעים־הויז. וואָס האָט זי געטריבען צו משוגעת, אָ, ברידער? די ליעבע! זי איז געוועזען פאַרליעבט. אָפּגלאָזט דעם שידוך. איז זי געוואָרען קראַנק. „און איינמאָל", אַזוי דערצעהלט קאַרען'ס אַלטע מוטער — „איז מען געקומען צו מיר און מ'האָט מיר געזאָגט: אייער טאָכטער לויפט ארום מוטער־נאַקעט איבער די פעלדער און זי שטעלט אָפּ יע־דען מאַנסביל וואָס געהט פאַרביי".

אָט דאָ ליגט די סאַמע יאָדרע פון דער דראַמאַ. דאָס פּראָבלעם: זאָלען די עלטערן פאַרווערען זייערע טעכ־טער צו געניסען פון דעם קאַפּעטשקע נאַטור? אָדער זאָלען זיי צוזעהן ווי זייערע טעכטער ווערען משוגע און לויפען ארום נאַקעטע איבער די פעלדער און שטעלען אָפּ מאַנסבילען?

קאַרען'ס פרומער טאַטע האַלט, אז ס'איז בעסער צו לאָזען די טעכטער ארומלויפען נאַקעט, איידער זיי זאָלען חתונה האָבען מיט נישט קיין אָרענטליכען מענש.

קאַרען'ס מוטער האַלט, אז ס'איז בעסער חתונה צו האָבען „אַ־לאַ קאַרט" איידער ארומצולויפען איבער די פעלדער אָהן — אווירינגלעך און אָהן אלעמען.

מיר אליין, פערזענליך, האלטען, אז ווען אלע פיידלעך וואָס קאָנען נישט חתונה האָבען אין דער צייט, זאָלען משוגע ווערען און ארומלויפען איבער די פעלדער, וואָלט די וועלט אויסגעזעהן א סך רייצענדער ווי זי זעהט אויס! מיר האלטען אויך, אז ס'איז נישט אנשטענדיג צו זינדיגען מיט א תירוץ. אויב קארען וויל האָבען אלערליי פארגאנגענהייטען — גאָט אין הימעל! ווען גערהט עס אָן? זאָל זי! אָדער צו וואָס זוכען א תירוץ אין איהר שוועסטער'ס קראנקהייט? צו וואָס איבערהויפט ערקלערען אז מיר פרויען ליעבען אזוי און אזוי? מיר פרויען זענען פארשידענארטיג אין אונזער מיר־פרויעניזם. מיר־פרויען זיינען גוט און שלעכט, קלוג און נאריש, נימפאָמאניש און אסקעטיש, ניכטער און פאר'שיכור'ט. מיר פרויען האָבען נישט קיין מאָנאָפּאָל אויף גאָט'ס רייגער ליעבע, פונקט ווי מיר מענער האָבען נישט קיין מאָנאָפּאָל אויף צו זיין שווינקערלען. שטעלט זיך פאָר, איהר אלע וואָס טראָגט שלייקעס, וואָס עס וואָלט פאסירט, ווען איינער פון אונזערע ברידער זאָל ארויסקומען מיט אַן ערקלערונג, אז אויב מען וועט איהם נישט ערלויבען צו זיין אונאנשטענדיג, וועט ער משוגע ווערען און ארומלויפען איבער די גאסען א נאקעטער. מיינט איהר אז עמיצער וואָלט גענומען דאָס פּראָבלעם ערנסט?

קארען פארלאָזט די היים און געהט אוועק. נישט משוגע־ווערען — מעגט איהר זיין זיכער. זי געהט אוועק אזוי שטיל, ווי זי איז געקומען. אזוי שטיל (און דאָך נישט אָהן א טיפען איינדרוק!) ווי די גאנצע פיעסע געהט אוועק. דאָס אָפענע פענסטער, וואָס פאר א כישוף עס האָט! א שמעקעדיגער נעבעל־אָטעם טראָגט זיך פון דאָרט. א רייצענדע אונמאָבּיליטעט. עס איז אזוי איידעל־נישט־דערזאָגט. אזא אריסטאָקראַטישער קאָנפליקט איבער א בלאָהען גאָרנישט. עס איז א שווערדען־דועל איבער דער פראגע: פאר וואָס איז מיטוואָך? לויט

דער שטילקייט און איינגעהאַלטענקייט פון די העלדען, לויט זייערע ווייכע טריט און מאַלאַנכאָלישע סודות׳־דיגקייט, וואָלט איהר געמיינט אז אין שטוב געפינען זיך עלף דערטרונקענע פּרינצען, און זיבען גרעפינס. אָבער דער סוף לאָזט זיך אויס, אז מ׳איז געגאַנגען אזוי שטיל, ווייל מ׳האָט נישט געוואָלט אויפוועקען די פליעג, וואָס שטעהט אויף דער סטעליע.

קארען האָט דעם חן פון פייער, וואָס ברענט צוליעב גאָר נישט. וואָס ברענט אנטקעגען א וואָרימער זון. עס איז דער חן פון נישט־ניצליכקייט, פון לוקסוס, פון שאמפּאַניער־שוים, פון איבער־קולטור. נאָך די שטיקער וואָס איהר זעהט ס׳רוב אין אידישע טהעאַטערען, און וועלכע געהען אזוי הויך און קלאַפּענדיג און מיט די גרויסע טריט פון א דיענסט־מויד האָט איהר א באזונדער פארגעניגען אריינצוקוקען (דורכ׳ן אָפענעם פענסטער) אין א אריסטאָקראַטיש הויז, וואו אלע געהען אזוי מאַ־נירליך. איהר האָט דערביי די געלייטערטע הנאה וואָס קומט פון נישט־הנאה־האָבען. איהר האָט דאָס פיינע שבת־געפיהל פון קומען־פון־דאַווענען, וואו איהר זענט צום זעכציג־טויזענד־פיער־און־פערציגסטען מאָל געשטאַ־נען שמונה־עשרה. איהר געניסט דעם טעם פון זיין א מבין אויף גוטען וויין, וועלכער איז א בעסערער טעם, ווי דער טעם פונ׳ם וויין זעלבסט.

„קארען" איז וואונדערבאר סצענירט און באלויכטען. דער גאנצער שפּיעל־טאָן איז אזא אינטימער, אזא פון־מענש־צו־מענשליכער. דאָס אויג זעהט די שעהנע פּאַניא מארינאָוו און פרעהט זיך. דאָס אויג זעהט די גראָהקייט פון דעם נאָרדלאַנדישען אומעט, די פּריקרעקייט פון א שטרענג־כריסטליכער שטוב, און סע גלויבט מיט פאר־רעגענטע ברעמען.

מיט אלע פעהלערען וואָס „קארען" ענטפּלעקט פאר די קונסטגעזעטיגטע קריטיקער (וועלכע מען קאָן קיינ־

מאָל נישט צופרידענשטעלען!) איז זי פּאַרט איינע פון די בעסטע פּיעסען אין ענגלישען טעאַטער.

„קארען" איז אפשר נישט קיין דראמאטישער קאָ־אי־נאאר, אָבער עס איז א צירונג קעסטעל אין וועלכען איהה קאָנט אריינלעגען די טייערסטע איידעלשטיינער אויב איהר זענט נאָר געניג ר י י ך.

געשפּיעלט האָבען אלע זעהר פיין און מיט שטילער נישטדערזאָגטקייט. כמעט אלע (א חוץ אפשר דער יונגער פּעטער, וועלכער איז געווען צו אמעריקאניש!) זענען א ו י ס ג ע ז ע ס ע ן זייערע ראָלען (אויף דער זאָפא) מיט גרויס געדולד און פּינקטליכקייט. פאניא מארינאָוו האָט אביסעל צופיעל געהויבען דעם קאָפּ און אביסעל צו שטארק אונטערגעשטראָכען די ראָלע פון „קארען", און האָט זיך צופיעל ב א ו ו א ו י נ ע ן אין דער קאָלאָסאלער אונבאוועגליכקייט פון דעם גאנצען שטיק. זי האָט געוואָלט זיין דער דיל און דאך, די פענ־סטער און די ווילען פון דעם שטיק — אלצדינג מיט א מאָל, און דעריבער איז זי געווען אביסעל צופיעל, פאר דעם דינען געבוי פון דער פּיעסע. אין דער סצענע מיט דעם דאָקטאָר איז זי וואויל. אין דער סצענע מיט דעם סקולפּטאָר — דיטאָ. אין לעצטען אקט, ווען זי דער־פיהלט די שוואכע פעדעם פון דעם דראמאטישען פּלאָנ־טער, ווען זי כאפּט זיך ביי א נישט־איבריג געראָטענעם מיר־פּרויען־מאָנאָלאָג, פארלירט זי דעם מוט און שפּיעלט אביסעל צו העל, צו זשורנאליסטיש.

הער קאָנראָי אלס דער אלטער פאָטער איז געווען פערפעקט. דעריבער נישט אזוי אינטערעסאנט, ווי ווען ער וואָלט געשפּיעלט אביסעל שוואכער. פרייליין גרעיס הענדערסאָן אלס די מוטער איז פון אָנהויב געווען אבי־סעל צופיעל ניי־ענגלענדעריש, צו יענקיש, אָבער שפּעטער האָט זי זיך זעהר גוט אריינגעדרעגעמארקט אין איהר ראָלע. הער מעלטצער אלס דער סקולפּטאָר איז געווען

— נישט אין גאנצען. הער מקאָלי אלס דער דאָקטאָר שאו איז געווען סטיליזירט אָבער צו ל י נ י א ל. א קליינער זיג־זאג, א צייטווייליג פארגעסען־זיך אין דער ראָלע, וואָלט איהם געראטעוועט.

# מאַטקע גנב

אויטאָר: שלום אַש.
טעאַטער: קעסלער׳ס.

וווערטהער רעדאַקטאָר: מיין היינטיגע רעצענזיע וועט אפשר ניט זיין קיין פרעהליכע און זי וועט נישט זאָגען קיין וויצען, איך בין אליין אויך נישט פרעהליך. איך בין פארקיהלט און האָב פיבער. מיין גאנצע וועלט־אנשויאונג איז היינטיגע וואך א פארקיהלטע און א הייזעריגע. און סע שטעכט איהר אין א זייט. אלע מיינע געדאנקען געהן ארום מיט פארבונדענע שטערענס און קוקען אויפ׳ן טאַ־שענזייגערל. און אַטאַזויאַ האָבען מיר ביידע, איך און מיין וועלטאנשויאונג, זיך ארויסגעשלעפט פון בעט און געגאנגען זעהן דאָס אידישע דאָווידקעסלערטום אלס „מאַטקע גנב“.

געגאנגען בין איך מיט א שווער געפיהל און א הויכען פולס. אויפ׳ן וועג צום טעאַטער האָב איך מיר אויסגעלייגט די פלענער, ווי אַזוי צו שניידען מיט מעסערס מיין פריינד אַש און מיין פריינד ד. קעסלער און אלע אַנדערע דאָר־טען. געטראַכט אונגעפעהר „פארקיהלט בין איך, און אומעטיג איז מיר, וועל איך אויסזידלען עטליכע מענשען, וועט מיר פרעהליכער ווערען אויפ׳ן הארץ“. אָבער דאָ בלייבען מיר שטעהן, הערר רעדאַקטאָר, אפשר דריי מינוט אויפ׳ן זייגער. מיר נעהמען דעם פראַשעק וואָס דער דאָקטאָר האָט אונז פארשריבען (אַ עקעלהאפטער פראַשעק!) און מיר זאָגען דאָס פאָלגענדע:

„מאַטקע גנב“ איז ניט קיין פּיעסע, נור אַ געזאַנג. איך ווייס נישט פאַרוואָס אַ ג ע ז אַ נ ג זאָל זיין בעסער ווי אַ פּיעסע. איך ווייס נור אַז ווען מען באַצייכענט מיט דעם וואָרט ג ע ז אַ נ ג עפּעס אַ זאַך וואָס איז נישט קיין געזאַנג, איז דאָס ביי שריפטשטעלער אַ גרויסער כבוד. אברהם רייזען, צום ביישפּיעל, וויל אַלע מאָהל, אַז מען זאָל זאָגען אויף זיין ליעד, אַז ס'איז כמעט נישט קיין ליעד, נור אַן ערצעהלונג, און אויף אַן ערצעהלונג, האָט ער האָלד, מען זאָל זאָגען, אַז ס'איז נישט קיין ער־צעהלונג נור אַ ליעד.

„מאַטקע גנב“ איז דאָס ליעבסטע, דאָס אנגענעהמסטע, דאָס שבת'דיגסטע, דאָס פיינסטע, דאָס בעסטע, דאָס אי־דישפּוילישסטע וואָס מיר האָבען געזעהן אויף דער אי־דישער ביהנע, סיי פערזענליך און סיי אַ ז ו י. „מאַטקע גנב“ איז מעהר ווי די אָ נ ג ע ש ר י ע ב ע נ ע דראַמאַ. עס איז דאָס הונדערט־מאָהל־נ י ש ט־אָנגעשריעבענע, דאָס טויזענד־מאָהל־נ י ש ט־געצייכענטע וואָס רעדט אַראָפּ פון דער פּלייצע פון יעדען אַקט. עס איז אַ שטיק וואָס מוז נישט שפּיעלען מיט'ן פּנים צום פּובליקום. עס איז אַ שפּיעל אין וועלכען דער חן ליגט נישט נור אין די געזיכט־ליניען, נור אין יעדען פאַלד פון דעם סימבאָל־מאַנטעל, אין וועלכען עס איז איינגעהילט. עס איז אַ „דע פּראָפונ־דיס“־רוף פון אַ קינסטלער, וואָס קאָן שרייבען נור אין שבת'דיגע ווערטער. עס איז דער יום־טוב־גאַנג פון פריי־ליין פּאַטום מיט דעם פאַרשטיינערטען האַרץ. עס איז פאַר־בלאָהונג פון דעם וואָלגאַרען ווייב־האַנדעל. עס איז אַ געדענק־אָן־גאָט־צייכען, פון דעם עדעלען און פייערליכען קינסטלער, וואָס זעהט אומעטום די גרויסע און מעכטיגע האַנט, וואָס ציהט געהיים די פעדים אויף וועלכע עס טאַנצען די פּופּען — די מענשען. און זעהענדיג עס, זיצט ער ביי זיך אין רייכפּאַרביגען, ווייכבאַלויכטענעם קאַבינעט און זינגט עס אַרויס אויף פּאַפּיער אין פייער־

ליכע ווערטער, וואָס גײען געשפּאַנט אין׳ם רײכען רײטוואָגען פון קעניגליכער דראַמאַ.

דער אינהאַלט פון „מאָטקע גנב״, הערר רעדאַקטאָר, איז אײך מסתמא באַקאַנט פון זײן בוך. מאָטקע, א אינגעל פון אָרעמע און שלעכטע עלטערן, ווערט געטרעטען און געשלאָגען פון יעדען, שווערט צו נעמען נקמה פון דער וועלט. פאַרלאָזט זײן הײם. באַגעגענט אידישע צירק־לײט. פאַרקניפּט זײן מזל מיט זײערם. פאַרליעבט זיך אין דער ש פּ אַ נ י ש ע ר דראָט־געהערין. דער׳הרג׳עט זײן ריוואַל — קאַנאַריק. נעמט יענעם׳ס פּאַס און זײן געלד. ווערט קאַנאַריק. עפּענט א ה ו י ז און וואויליונגערט. ווערט דאָס איהם ענדליך מיאוס. ציהט איהם צו דער רײנער חנה׳לע פון קאַווע־שטיבעל. שווערט־אָפּ זײן פּראָפּעסיע. צוטרײבט די מ ו י ד ע ן, און שיקט נאָך דער מאַמען. דערווײסט זיך אָבער חנה׳לע און איהרע טאַטע־מאַמע פון דעם סוד. שיקט מען נאָך פּאָליצײ. קומט מאָטקע׳ס מאַמע פרעהט זי זיך מיט איהר פאַרלוירען קינד, און זי זעהט נישט די האַנד, וואָס וועבט דערווײל די פעדים פון אומגליק איבער זײן קאָפּ. עס קומט די פּאָליצײ. אַרעטירט מאָטקע׳ן און — די פּיעסע ענדיגט זיך.

נײן, זי ענדיגט זיך נישט. זי געהט בלויז אונטער ווי א רויטע, שווערע זומער־זון. דערנאָך ווערט טונקעל און קיהל און געהײמנישפול אין אײער נשמה. עס שפּראָצט ארויס די וועלט מיט איהרע פאַרקניפּטקײטען און סודות. עס ענטפּלעקען זיך די קלײנע שטערען פון האָפנונג און טרויסט. דער גנב, דער האַלזשניידער, דער קונצענמאַכער פון א ביליגען צירק, ווערט געלײטערט דורך דעם אויגענפײער פון עפּעס א חנה׳לע. ער נעמט בענקען נאָך זײן מאַמען, ערגיץ דאָרט אין אָרימען שטעדטעל, דער סימבאָל פון דאָס גוטע און דאָס אײדעלע וואָס ליגט אויפ׳ן גרונד פון יעדער נשמה, מעג עס זײן די נשמה פון א צירק־שפּיעלער!

„מאָטקע גנב״ האָט 3 אַקטען מיט א פּראָלאָג. אָבער

דער פראָלאָג האָט נעקענט פונקט אזוי גוט זיין אין
צווייטען אקט, אָדער אין דריטען. עס איז נישט קיין פאָר־
שפּיעל, נאָר א פאָר־בילד, א פאָר־מוסטער פון דעם מאַ־
טעריאַל. אָבער וואָס מאכט עס דען אויס? איך ווייס נאָר,
אז איך האָב די דאָזיגע פּיעסע געטרונקען מיט די אויגען
און עס האָט מיין הארץ וואוילגעטון. עס האָט מיך באַ־
לוינט פאר אַלע ביטול־בטלנ׳ישע, נארישע שטיקער מיט
וועלכע איך האָב מיר היינטיגען סעזאָן פארשטויבט די
אויגען און די אויערען. איך האָב ארייגעאָטעמט אין זיך
די אַלע פייערליכקייטען פון מאָטקע׳ס טראַגיק אין צוויי־
טען אַקט, ווען ער קומט פּלוצים צו זיך, און, געפאנגען
פון חנה׳לען, דיקטירט ער א בריעף צו דער מאַמען. איך
האָב זיך געווישט א טרער (כמעט א פאַקט!) בעת מאָטקע,
דער געלייטערטער, דער בעל־תשובה׳דיגער צוטרייבט די
מיידלעך, און איינע פון זיי, די עלענדסטע ווייסט נישט
וואוהין צו געהן. און די אנדערע וואָס איז פארליעבט אין
איהם, וויינט, דאָס זי וועט נישט האָבען וועמען צו פרעסען
העמדער און צו פוצען די שטיוועל. און די דריטע, וואָס
זאַמעלט מיט אזא עקשנות ו ו י י ס צ י י ג פאר חתונה־
אויסשטייער, געהט אוועק מיט׳ן פּעקיל אונטער׳ן אָרעם,
דער סימבאַל פון דער אייביגער בענקשאַפט צום ריינעם
לעבען! איך האָב מיט הארצקלאַפּונג איבערגעלעבט די
סצענע אין קאַווע־שטיבעל, וואו די מ י י ד ל ע ך זענען
געוועזן פארזאמעלט, און איך האָב זיך געזאָגט: זעה, ווי
אזוי אַן אמת׳ער קינסטלער קען אַלצדינג פארהייליגען.
מיט דער פרומקייט פון זיין הארץ, מיט דעם צער פון זיין
נשמה! און זעה, האָב איך צו זיך געזאָגט, זעה
ווי פיין, ווי קינסטלעריש אַלע שפּילען, כמעט אָהן אויס־
נאַם. זעה שווארץ׳ען אין דער ראָלע פון דעם אַלטען
פאַיאַץ, פון דער וואָכענדיגקייט אין גלעקלעך! ווי אייביג
ער זעהט אויס! און ווי פיין ער שפּיעלט! זעה שווייד׳ען אין
זיין קליינער ראָלע, פון א ווארשעווער א י ד, זעה פראַנ־
ציס אַדלער, אלס די שבת׳דיגע חנה׳לע, מיט די שטילע

טריט, און מיט די בענשליכט־אויגען, און מיט דעם נישט אויסגעטראָטענעם, קליינעם האַרץ! זעה די עהרליכע מאַדאַם נאַדאַלסקי אַלס מאָטקע׳ס דערשלאָגענע מוטער, און דאָס פרײלין לובריצקי (װעלכע איז אַזוי באַליידיגענד יונג!) אין דער ראָלע פון דעם קליינעם, רעבעלירענדען מאָטקע פון פּראָלאָג און שפּעטער אַלס איינע פון די מיידלעך. זעה װעקסלער׳ען אַלס דעם װאָוילױנגערישען קאַנאַריק און בעסי װייסמאַן אַלס מערי די דראָטען־געהער־רין, װעלכע איז אַזוי גרויסאַרטיג אין שלום פון צװייטען אַקט, בעת זי גיט אָ פּ מאָטקע׳ן צו זיין געליעבטער חנה׳לען און אַליין געהט זי אַװעק! זעה היימאַנ׳ען אַזוי גוט גרימירט אַלס דער פּאָליאַק, זעה קעסלער׳ן אַליין, דעם אַמאָליגען גרויסען און גרעסערן און גרעסטען קעסלער אין דעם מאָמענט װען ער דיקטירט דעם בריעף צו זיין מאַמע׳ן און װען ער רעדט צו חנה׳לען און װען ער נעמט אַרום זיין מוטער־און־חנה׳לע אונטער ביידע אַרעמס און טענצעלט זיך אונטער טרוימענדיג דערביי פון זיין שטעטעל, װי ער געהט שפּאַצירען מיט זיין כלה, און מיט זיין עהרליכער מאַמע און װי אַלע קוקען איהם נאָך מיט גרויס דרך־ארץ, און, צום סוף, װען ער װערט געװאָהר, אַז מ׳האָט איהם איבערגעגעבען צו דער פּאָליציי, און װי זיין לעבען ברעכט צונויף, ביי דעם פּונקט פון זיין העכסטען גליק. װי שרעקליך! װי טיעף! װי געװאַלדיג! (איך מוז שוין װייטער נעמען אַ פּראָשעק.)

# פאַרלוירענע יוגענד

אויטאָרען: געביל־שטיינבערג.
טעאַטער: מאַקס געביל׳ס.

פארלוירענע יוגענד איז אהא, א שוידערליך קונסט־ווערק. עס איז א פיעסע מיט א שווינדזוכט, קאָמשאָמ־שאָן, אויסצערונג, געבראָכענע הערצער, פוסקראנקהייט, ארע־מוט, עלענד, נויט, קאָסטימער־שרייבעריי, ליעדלעך און דער עיקר טאקע, ווי מיר האָבען דאָ אויבען באַ־מער: קאמשאָמשאָן. עס איז א ל ע ב ע נ ס ד ר אַ מ א, אין דעמזעלבען זין וואָס סעמעטערי איז א לע־בענספראגע.

פארלוירענע יוגענד איז אזוי געטריי צום לעבען, ווי דער קרעה פון א האָהן אָהן דעם האָהן. עס איז אזוי אינטערעסאנט, ווי די שיקאגאָ׳ער שלאכטהייזער, די עדיוקיישאָנאל עלייענס, דער מושב־זקנים, די יאָנג מענס היברו אסאָסיאיישאָן, דער וואנדערבילט־קליניק, דער מאַרג, דער גן־ילדים, און א רעגולאר מיטינג פון די הויזאייננוואַרפער־יוניאָן, לאָקאל 15. די פארלוירענע יו־גענד איז געמאקסגעבילט געוואָרען מיט דער הילף פון א געוויסען שלמה שטיינבערג. עס איז א טאָפעל־געבילי־סטיש, אזוי צו זאָגען. עס איז א סענטימענטאלע שמאַ־טעריי, מיט א שמאטעדיגען אונטערשלאג. עס איז די פארלוירענע יוגענד פון דעם אידישען טעאטערנעהער, וועלכער פארלירט זיין שכל, זיין צייט און זיין געלט,

אויף אזוינע פיעראקטיגע קליניקס. עס איז די פארלוירע־
נע יוגענד פון דער פארמאקסגעבילטער אידישער ביהנע,
וואָס איז גראָה און אלט און שווינדזיכטיג געוואָרען פאר
דער צייט. עס איז די לעבענס־טראגעדיע פון דער פאר־
גוואלטיגטער דראמאטישער קונסט, אויף וועלכע די באַ־
רימטע טראגעדיסטין לעאָנאָרע דוזע זאָגט, אז זי קען
בלויז דעמאָלט אויסגעבעסערט ווערען, ווען מ'וועט אונ־
טערצינדען אלע טעאטערען, און אלע מיטעלמעסיגע
שפּיעלער וועלען אויסשטארבען פון דער כאָלעריע. עס איז
די פארלוירענע יוגענד, האָפנונג, אמביציע, פון דעם
טעאטער־קריטיקער, וואָס הויבט־אויף אלע־ביידע הענט
אין שטילער פארצווייפלונג און לויפט אוועק אין ביער־
שענק.

די פארלוירענע יוגענד, גענעבילט און געשטיינ־
בערגט, געמאיעראָוויטצט און געליליענט איז א גענעראל
פארזאמלונג פון אלערליי ריהרענדע אינצידענטען, וואָס
האָבען שוין אזוי עהרליך אויסגעדיענט זייערע יאָהרען
ביים אידישען טעאטער, אז זיי דארפען שוין באקומען
א פענסיע.

ווען די פארלוירענע יוגענד זאָל האָבען אין זיך לע־
בען, וואָלט זי אפשר געווען א לעבענסבילד, ווען זי זאָל
פאָרשטעלען א בילד. עס איז א ביליגע קאָסטימער־
שרייבעריי, וואָס איז אָנגעמאָסטען געוואָרען אויף דעם
טעאטערגעהער'ס נערווען, אויף זיין געדולד, אויף זיין
אויסדויער. די גרעסטע מעלה אין דער פּיעסע איז וואָס
עס קלעפּט זיך. אך, ווי עס קלעפּט זיך! עס קלעפּט זיך
ווי דרעקט פון דער פאבריק. עס קלעפּט זיך ווי לי־
טעראַרישע קלעפּטאָמאַניא. עס קלעפּט זיך אזוי מערדע־
ריש, אז איהר קענט דערפון נישט פּטור ווערען, ווי פון
א גאלאָפּירענדער שווינדזוכט.

די פארלוירענע יוגענד איז א מעשה מיט א כלה־
מיידעל, וואָס האָט זעהר א לאנגזאמען, פעט־מאכענדען
קאמשאָמשען (פאָרגעשפּיעלט פון דזשעני גאָלדשטיין).

און זי דאַרף באלד חתונה האָבען. און זי פאָהרט אוועק קיין וואונישטיז. און דערווייל פארכאפּט איהר יונגע און געזונטע שוועסטער דעם חתן פאר זיך. אויף דעם אַלגעמיינעם פארלאנג פון דעם קאָסע־קעסטעל, איז איהר פאָטער אויך א קראנקער, צע'שברה־כלי'טער מענש, מיט ארומגעבונדענע פיס. די כלה־ניו איז דער ווייל אין א סאניטאריום כדי צו געבען איהר קאָמישען פעטער א געלעגענהייט צו אמוזירען דעם געעהרטען עולם מיט דער סצענע, ווי עס קנאַקען ביי איהם די הויזען. און כדי ער זאָל קענען דערצעהלען, אז ער האָט געפינט ביי א מיסעס איזער ארויפגעפאלען אויף איהר בעט, און דאָסגלייכען אָנשטענדיגע וויצען, וואָס מ'דאַרף זיי ב"ה נישט שלעפּען צו קיין עהרענגעריכט. און כדי דער נעמליכער פעטער־וועקסלער אין „אנטי־וואירקער" (אזוי שטעהט אויפ'ן פּראָגראם־צעטעל) זאָל קענען דערצעהלען זיין ווייב, אז דזשוליום האָט גענערדזשע־וועט (כא־כא!) און ער האָט געקראָגען א דיפּלאָמאַציע, (כאָ־כאָ!) און איצט מעג זי זיך שוין פארגינען צו האָבען אפּענדיציטיס. (כע־כע!) און כדי דערזעלבער קאָמיקער זאָל קענען געבען א מאנסביישען ווינטערגארטען־ווינק און ערקלערען, אז מיט ידען מיידעל איז עפּעס. קורץ און צוריקצווועגס צו דער געשיכטע: דאָס געזונטע מעדזשבהען בלייבט אליין מיט איהר אנגענעמען באטריגער, מיט דעם רואינירער פון איהר לאנגווייליע. דער בעזער, פוסקראַנקער פאָטער ווערט געוואָר פון איהר מזל'דיגען אומגליק און ער וויל איהם ארויסטרייבען, אָבער דאָס פארפינפטע מיידעל שטעלט איין דעם לעצטען רעפּליק און זאָגט אומגעפער: טרייב איהם נישט ארויס, ווייל ער איז דער פאָטער פון מיין צוקינפטיג יתום'על, וואָס איך טראָג אונטער מיין ברוהעסט. פאָרהאנג נומער צוויי. אין דריטען אקט

גרייט מען זיך צו דער חתונה ביי דעם פארפיהרטען פּארעל. אָבער פּלוצים, זעהט! וואונדערט זיך! שטוינט! עס קומט די קראנקע שוועסטער, די אמת'ע כלה'ניו, דורך פילאדעלפיא, צוזאמען מיט איהר דאָרטי־גער מוהמע. זי בלייבט שטעהן איבער־איבער־איבער־ראשט. זי שטוינט שבמשוינט! זי פרעגט: מ י ט וועמען האָסטו חתונה, שוועסטער? גלייך ווי זי וואָלט קיינמאָל אליין נישט געגאנגען אין אידישען טעאטער און נישט געוואוסט, אז א געזונטע שוועסטער האָט געוועגליך חתונה אין דריטען אקט, מיט דער קראנקער שוועסטער'ס ליעבהאָבער. די קראנקע מאכט גוואלדען. אָבער ענדליך דערוואוסט זי זיך, אז עס מ ו ז אזוי זיין. (מחמת די גוטע קאליפאָרניא־פרוכט פון ליעבע.) אין דער פערטער אפטיילונג פון דער פארלאָרענער יוגענד זעהען מיר ווי עס איז שוין פאָריבער ז ע כ ס ל א נ ג ע י א ה ר ע. זיי האָבען שוין א קינד. די קראנקע שוועסטער וואוינט ביי זיי. מען וויל פון איהר פּטור ווערען צוליעב דיזעלבע סאני־טארישע אורזאכען וואָס א י ך, משה נאדיר, וויל פּטור ווערען פון מיין נאָהענטער באריהרונג מיט דער בויערי־קונסט. דאָס קינד פרעגט: פ א ר ו ו אָ ס טאָר מען ד י ך נ י ש ט ק ו ש ע ן, ט א נ־ט ע? א ו ן: ה אָ ס ט ל י ע ב מ י י ן פּ א פּ א א ו ן מ א מ א?

און דער עולם, וועמענס אויגען ווערען געמאָלקען מיט א מאשין זייט די לעצטע פערטהאלבען שעה, דערזעלבער עולם ווערט שטארק געריהרט און מאכט: טצע־טצע! עס קומט איהר ברודער דער דאָקטאָר, מיט זיין ווייב. ביידע טענה'ן, אז די קראנקע דאַרף אוועקגעפיהרט ווערען צוריק אין סאניטאריום. דזשעני שטעהט ביי דער טיר און הערט זיך איין. דער פאָטער וויל זי נעמען צו זיך אין דער נ א ס ע ר ו ו א ו י־נ ו נ ג, די קראנקע געהט אָפּ — נעביך! — צו זיך אין

צימער אריין, כדי איינצופאקען איהרע זאכען. די מו־
טער געהט אריין זעהן וואס זי טוט און געפינט זי טויט.
מ'ברענגט זי ארויף אויף דער סצענע באפען דאס פיינע
ביסעל אפלאוז און די פארלוירענע יוגענד געהט אהיים
דערצעהלען איהר שכן, אז ביי געבלין שפיעלט מען איצט
אזא שטארקע שאו, אז מ'קען שטארבען
דערפון.

* * *

די פארלוירענע יוגענד איז א פיעסע, וואס שווינ־
דעלט ביי אייך ארוים די עהרליכע טרער, וואס איהר
זענט שולדיג אייער קראנקען ברודער אדער שוועסטער.
זי נארט ביי אייך ארוים דעם האלבען דאלאר אויפ'ן
חשבון פון די קראנקע מענשען, וואס ליגען אין די סאַ־
ניטאריומס פון לאס־אנדזשעלעס און דענווער, וועלכע
וואלטען אפשר געקאנט געהאלפען ווערען דורך דיזעלבע
פופציג סענט אייערע. גיט א טראכט וועגען דעם, ליעבע
פריינט! די פארלוירענע יוגענד אליין האט אלע סמנים
פון דראמאטישער שווינדזוכט: זי הוסט, שוויצט און
איז שרעקליך געל אויפ'ן פנים. עס פעהלט איהר
הויכקייט, לופט, זוניגקייט און אזוי ווייטער.

די ליעבהאבער פון גוטער דראמא וועלען ווידער האָ־
בען א גלענצענדע געלעגענהייט צו זיצען אין דער היים.
ס'רוב סצענען פון דער פארלוירענער יוגענד זענען נאַ־
טירליך. ניין. זיי זענען אומגעהויער מעהר
ווי נאטירליך. עס איז דער נאטירליכקייט'ס א גליעד־
שוועסטער־קינד, וואס איז אראפ פון זינען און מ'האט
עס גענומען אין טעאטער אריין.

# דער פּרייז פון זינד

אוטאָר: זאָלאָטאַרעװסקי.
טעאַטער: קעסלער׳ס.

וואָס איז דער פּרייז פון זינד, טאָכטער מיינע? דער פּרייז פון זינד איז: אַז פּונקט דעמאָלט ווען סע גליקליכט זיך אויס דער הימעל פון דיין ענטמיידעלטער פאַרגאַנגענהייט און דיין פאַרפיהרער און פאַרפינפער איז טויט, און דו אַליין ביזט ענדליך, ווי עס איז געווען צו ערוואַרטען, געוואָרען אַן אינטעליגענט מיידעל מיט אַ „טשטאַדיעלאַיאַט" אונטער׳ן אָרעם — פּונקט דעמאָלט, חנ׳עוודיגע טאָכטער מיינע, דאַרף טון פּאַסירען, אַז דיין בליק פאַלט אויף אַ פלעשעל מיט יאָדאָפאָרם וואָס דיין אָרימער פּאַפּהאַ האָט געבראַכט פאַר דיין רואינירטען, ווייסגעקליידעטען פינגער. און דו טרינקסט עס אויס, און דיין מוהטער הויבט אָן שרייען „גוואלד", און דיין פּאַפּהאַ רייסט זיך (טעאַרעטיש) די צוגעקלעפּטע באָרד, און אַז דער אויגענווישענדער, ביזז־שרייענדער, פּוסקלאַפּענדער, נאַזשנייצענדער ווייבער־עולם דערזעהט דאָס, שטעלט ער זיך אויף און נעמט אריינשטעקען די הוט־נאָדלען אין הוט, שאַרט צונויף די נאַסע נאַז־טיכלעך, צעהלט איבער די קינדער און מ׳וואַרט אַז דער פאָרהאַנג זאָל טון זיין פליכט און — פאַלען.

פאַלט ער. געהט מען אַהיים, און מ׳דערצעהלט דער שכנ׳טע, אַז מ׳האָט געזעהן אַ שטיק, איז דאָס אַ גוואלד. פאַ „פּיקטשע" פון לעבען. אַ לעבענסבילד. סע שטעלט

פאַר ווי אזוי א מיידעל ווערט פארפיהרט, רואינירט, פאראומגליקט, און ווי מ׳שלעפט זי אוועק קיין בוענאָס־איירעס און זי קומט צוריק. און ווי אזוי קעסלער שפּיעלט פאַר אַן אלטען איטאַליענער, וואָס שלייפט מעסערס, און ווי אזוי ער דערקוילעט זיין טאָכטער׳ס פארפיהרער מיט א מעסער, און ווי אזוי דער קאָמיקער בערנשטיין האָט בלויז איין האנט — איך זאָג אייך, מיסעס נעקסט־דאָראָוויטש, איך קאָן אייך גאָר נישט אזויפיעל דערצעה־לען, וואָס דאָרטען טוט זיך אָפּ. איך האָב געוויינט ווי א קליין קינד. איהר מוזט עס געהן זעהן.

און אָט אזוי ווערען ערפאָלג־פּיעסען געמאכט!

„דער פּרייז פון זינד" איז פארפאסט פון אונזער אַל־טען פריינד מאָסיו איציק. איגנאַץ איז דער שנעל־סטער ביהנענדיכטער וואָס מיר האָבען — א חוץ גיל־ראָד׳ען. אָבער יענער איז א ליריקער — ער שרייבט ליריקים.

פּאַלט איזידאָר׳ן איין א דראמאטישע אידעע, נעמט ער גלייך די פּען אין האנט אריין און נעהט־אויף א פּיע־סע מיט טיפּען און כאראקטערע און קלימאקסען און — דער רוח ווייסט וואָס נאָך! ער ארבייט שנעל, פּיבער־האַפט און, ווי א בלינדער בעקער, וואָס פליאסקעט שטי־קער טייג אין הייסען אויווען אריין, אזוי פליאסקעט אונזער איגנאַץ מיט שטיקער דראַמאַ, איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען. און פונקט ווי טייג, אז זי גיסט זיך אויס אויף פּאַפּיר און צעפליסט זיך, ווערט — ס׳רוב — דער־פון עפּעס אזוינס וואָס איז עהנליך צו א געשטאַלט, צו א צייכנונג, אזוי ווערט פון איציק׳ס דראַמאַ עפּעס אזוינס וואָס איז עהנליך צו א טעאטער־שטיק. ווייל עס קאָן דאָך אַנדערש נישט זיין. ווייל איציק שרייבט דאָך נישט קיין דראַמען, נאָר ער זאַמעלט צונויף אומגליקען פון אַלע עקען וועלט און — ער גיסט זיי אויס אויף דער ביהנע. און די דאָזיגע אומגליקען צעפליסען זיך און מאַכען אַ פלעק וואָס, אז מען וויל קאָן מען זאָ־

נען, אז ס'איז אַ מענש און אַז מען וויל קען מען זאָגען, אַז עס איז אַ פּיפּערנאָטער. דאַן קומען צוגעהן די הערדען פון דער קריטיק, לייגען ארויף אַ פינגער אויף דעם קליעק, צעפּיהרען איהם נאָך מ ע ה ר און ערקלערען, אַז דאָס איז אַ געשטאַלט פון אַ נביא, וואָס רייט אויף אַ וואָלקען. און אַז דער מחבר איז אַ רויה שטיק גאָלד, וואָס מ'דאַרף עס ערשט אויסגראָבען, אַ זונענאויפגאַנג אין עמבריאָ, אַ נישט-געשליפענער בריליאַנט, און אַז ער האָט אַ זעלטענע טעכניק.

דער אינהאַלט פון „פּרייז פון זינד" איז — נישט. און דאָס ביסעל וואָס א י ז, איז אזוי אַלט ווי די אָנגענומענע טעאַטער־מיינונג, אַז אַ הייזעל איז אַן אָרט וואו מיידלעך זיצען און וויינען און בענקען אַהיים; אזוי פאַלש ווי דאָס אָנגענומענע טעאַטער־געזעץ, אַז אַן אינטעליגענטער מענש מוז טראָגען ברילען, און אַז דער קאָמיקער מוז טרינקען רויטגעפאַרבט זאָדאַ־וואַסער ביי יעדער געלעגענהייט.

פּאוזע. דאַן אַ פּאָר ווערטער וועגען דער זינד אַליין:

ליעבער טעאַטערגעהער, לאָז זיך נישט איינרעדען, אַז די זינד איז אזוי לאַנגווייליג ווי מען שטעלט זי דיר פאָר אויף דער אידישער ביהנע. איך וויים, אַז דו ביזט אַן אָרימער מענש און דו קענסט נישט באַהויפּטען צו באַצאָהלען אַן אנשטענדיגען פּרייז פאַר דיין זינד. דו גענ יסט דיין זינד צו ר ע ד ו צ י ר ט ע פּרייזען. אָבער גלויב מיר, אַז אַ ז ו י אומאינטערעסאַנט, ווי אין קעסלער'ס טעאַטער, איז זי נישט, די זינד. און אַ ז ו י בלוטלאָז אויך נישט. און איהר פּרייז, מיין ליעבער טעאַטערגעהער? — אַך, עס איז דאָך אַ ליגען! דער פּרייז פון זינד איז נישט קאַרבאָל, נור פאַרקערט. קום מיט מיר, דו ליעבער, נאַאיווער, אומשולדיגער טעאַטער־געהער, קום מיט מיר אין צענטראַל פּאַרק, באַטראַכט די רייכע אָטאָמאָבילען, טייערע לימאָזינען. זעה די דאַמען דאָרט אינוועניג, די געזונטע, די צופריעדענע, די פיין־

געקליידעטע, — דאָס איז „דער פרייז פון זינד". נישט ב י י  א ל ע, נאַטירליך. אָבער ביי אַ טייל פון זיי. און דער דאָזיגער "פרייז פון זינד", מיין פריינד, איז נישט דראַמאַטיש, נישט טראַגיש, נישט האַרצרייסענד, נישט טרערענצאַפּענד, אָבער אמת! אַזוי אמת, ווי עס איז אמת, אַז מאָס׳ו איציק זאָלאָטאַרעפסקי איז אפילו נישט קיין גוטער קונסט־באַלמעלאָכע.

„דער פרייז פון זינד" איז געשריבען געוואָרען פון אַ מענש וואָס האָט  ב אַ מ י ס ט ע ר ט  זיין מאַטע־ריאַל. דאָס איז דער גרעסטער חסרון פון די זאָלאָטאַ־רעפסקי׳ס — זיי שרייבען דאָס, וואָס  ז י י  ו ו י ל ע ן. מענשען מיט טאַלאַנט שרייבען געוועהנליך נישט דאָס, וואָס זיי ווילען, נור דאָס, וואָס זיי קאָנען. און דאַן קומען אַרויס גוטע דראַמען. זעה „ניו"!

פון די שפּיעלער האָט זיך, דאַנקען גאָט, קיינער נישט אויסגעצייכענט. און לאָמיר האָפען, אַז זיי האָבען גענוג גוטען געשמאַק זיך נישט צו  ו ו ע ל ע ן  אויס־צייכנען אין אַזאַ שטיק. קעסלער, בערנשטיין, נאַטאַנ־זאָן, היימאַן, מאַרק שווייד, בעסי ווייסמאַן, מאַדאַם נאַ־דאָלסקי, מאַדאַם שנייער, מאַדאַם ווילענסקי — אַלע זענען נעביך געווען פאַרנומען צווישען די שטונדען 8:30 און 11:30 לעצטען פרייטאָג נאַכט, מיט פאַרשאַ־פען האַרצוועהטאָג אייער קאַפּריזנעם און זעהר־פעהיגען משה נאַדיר.

# מלחמה־מאַמעס

**אוטאָר: הערר עקס.**

**טעאַטער: טאָמאשעפסקי'ס.**

אָהן אַ פאָררעדע, מיינע העררען. איהר זענט נערוועזע מענשען, און איך אַליין בין א ו י ך אַ נערוועזער מענש, און איך לייד פון — טעאַטערגעהן. און דאָס איז אַ שרעקליך ליידען, מוטער מיינע. איך קום אָט־ערשט פון די „מלחמה־מאַמעס“, ביי וועלכע דער מחבר האָט מיר גערעדעלט דעם רוקענביין מיט אַ מצה־רעדעלע, און מיך אין דערזעלבער צייט געקיצעלט מיט אַלערליי קיצלונגען, און איך האָב געזעהן און באַמערקט ווי די פּיעסע איז זיך פון צייט צו צייט ארויסגעגאַנגען רויכערען אַ ציגאַרעטעל, אָדער צו טון אַנדערע מענשליכע נויטיגקייטען און די ביהנע איז געבליבען פּיעסענלאָז, אַזוי צו זאָגען! און אנשטאָט אַ פּיעסע האָבען מיר פון צייט צו צייט געזעהן און געהערט און באַמערקט, ווי עפּעס אַ איד מיט אַ אידענע זאָגען איינס צו ס'אַנדערע, און ווי ער מאַכט צו א י ה ר, און זי מאַכט צו א י ה ם. און ווי מ'שמועסט זיך אַזוי פּאַוואָליטשקע, און מ'רויכערט די געווויסע ציגאַרעטען. און די פּיעסע איז נאָך אַלץ אָפּוועזענד — ש ט אַ ר ק אָפּוועזענד. און מען ווייסט נישט ווען וועט זי קומען. „אפשר“ — הויבט מען אָן טראַכטען — „איז זי ארויסגעגאַנגען שפּאַצירען, און זי וועט נישט קומען? אָדער אפשר איז זי אַוועק צו גאַסט צו איהרער אַ מוהמען?“

און דערווייל געהט עס און ס׳געהט, ציהט זיך און סע ציהט, שלעפּט זיך און סע שלעפּט, סקריפּעט עס און סע סקריפּעט, און דער וועג איז אַזוי ווייט און אַזוי האַרט און אַזוי אומענדליך!

„מלחמה־מאַמעס" זיינען, אַ חוץ אַלע זאַכען, זעהר אינטערעסאַנט, צוליעב דעם טעמפּאָ, מיט וועלכען זיי געהען. אַזוי, למשל, פּאַסירט, אַז דער ערשטער אַקט שטעהט אפשר אַ האַלבע שעה אויף איין אָרט און ריהרט זיך נישט, גלייך ער וואָלט געווען נישט אַן ערשטער אַקט פון אַ מעלאָדראַמאַ, נור אַן איינגעשפּאַרטער מויל־עזעל. שטעהט ער אַזוי, דער ערשטער אַקט, און דער באַלעבאָס פּרובט איהם אונטערטרייבען, קיצעלט איהם מיט דער בייטש הינטערן עק, איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען, אָבער סע העלפט נישט. נור מיט אַמאָל — ווי עס איז די טבע פון מויל־עזלען — גיט דער ערשטער אַקט אַ הויב־אויף די אונטערשטע פיס און צעראָזפּאָלאָשעט זיך מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז די פּיעסע איז אין אַ סכנה איבערגעפּאָרען צו ווערען פון זיך זעלבסט. שפּעטער אַ ווײַלע, אין צווייטען אַקט, באַרוהיגט זי זיך ווידער, די פּיעסע, און שטעהט די גאַנצע צייט מיט פאַרדרימעלטע אויגען, און סע בויגען זיך איהר די פיס פון שלעפעריגקייט, און אַזוי שלאָפט זי שוין אָפּ איהרע פאַר יאָהרען אין עושר און אין כבוד.

דער אינהאַלט פון „מלחמה־מאַמעס" איז זעהר אַ שיטערער, און מען דאַרף האָבען זעהר אַ שיטערען אינטעלעקט איהם אויסצוטראַכטען. און מען דאַרף זיין אַן עכט־אידישליכער מענש, אָהן אַ פונק פון רעליגיעזער האַרציגקייט, כדי צו לאָזען דעם גוטען גוי פון דער פּיעסע ענטפערען אויף דער פראַגע פון דעם אידישען אידען: „וואו איז גאָט?" מיט „טשאָרט יעוואָ זנאַיע!" מען דאַרף זיין אַ אידישליכער דראַמאַטורג, כדי אָהן שום תירוץ אַרויסצופאָהרען מיט „ציון" און מיט דער אַמעריקאַנישער פאָהן. און מיט פילמבילדער פון דער מלחמה.

מען דארף זיין א — (דאָס וואָרט אויסגעשטראָכען, ווייל עס איז צו ש ט א ר ק!) כדי ארויסצושטעלען אויף די ברעטלעך די יזכור־סצענע פון א שוהל — אזוי לעגענדאריש־הייליג, אזוי דורות־לאנג אָפּגעשלאָסען פאר דער וועלט. מען דארף זיין א פּראָפעסיאָנעלער דראמען־שניידער ארויסצושלעפּען אויף דער סצענע ספרי־תורות און טליתים, בלאסע זקנים און פרויען וואָס פאלען אין חלשות ווען מען איז מזכיר די נשמות פון זייערע זיהן, כדי ארויסצומוטשען פון אן אָרימען טענעמענטמענש א דאָלאר פאר א בילעט; און מען דארף זיין א פארביטערטער, פאריאָמערטער, פארפינסטערטער טענעמענטמענש, כדי צו צאָהלען געלט פאר דער פּריווילעגיע צו זיצען אויף דער אויבערשטער באנק פון דעם דראמאטישען שוויץ־באָד און שרייען „גוואלד“ און הנאה האָבען פון דער שטיקענדער היץ און פון דעם טשאד, און פון דעם געשריי, און פון דער הארצשוואכונג און פון דעם קאָפּשווינדעל.

איך האָב געוואָלט זאָגען נאָך פריהער: עס איז נישט אמת, אז דער אידישער טעאטער־געהער וויל וויינען און לאכען צו דערזעלבער צייט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם עולם ביי די „מלחמה־מאמעס“ און איך האָב געזעהן ווי ביי דיזעלבע סצענען האָבען א טייל מענשען ג ע ל א כ ט, און אנדערע האָבען ג ע וו ו י י נ ט. איז מיר איינגעפאלען אָט אזא מין זשעניאלער פּלאַן: פארוואָס נישט איינטיילען ס'טעאטער אין צוויי העלפטען: איין העלפט פאר די, וואָס ווילען וויינען, און איין העלפט פאר די, וואָס ווילען לאכען? מען קאָן ביי דער קאסע שטעלען די פראגע צום טעאטער־געהער: „איהר ווילט לאכען, אָדער וויינען?“ — אויב וויינען, קאָן מען רעכענען מיט 50 סענט מעהר, ווייל די טרערען פון מיין „פּאָליעק“ זענען א טייער ארטיקעל, ז ע ה ר א טייערס! נישט אזוי, העררׂ טהאָמאשעווסקי?

---

פון די שפּיעלער האָבען זיך אויסגעצייכענט: די עטליכע אמת־באשייטעלטע ווייבער אויף דער גאַלעריע פון דער שוהל, אין דריטען אַקט! עהרליכע אידישע פרויען, זענען זיי געווען אמת גערירט פון דער יזכור־סצענע, און זיי האָבען אַזוי עהרליך געוויינט פאַר דעם באַשטימטען פּרייז. מיר האָבען שוין לאַנג געזאָגט, אז אַלע מענשען זענען מעהר־וועניגער גוטע אַקטיאָרען, אַ חוץ אַקטיאָרען.

# די שקלאַווען פון אַ פאָלק

אוטאָר: אָסיפ דימאָוו.
טעאַטער: אַדלער'ס גרענד.

„ש ק ל א ו ו ע ן פ ו ן פ אָ ל ק" איז א פיעסע מיט א ד ז ש י מ ד ז ש י ק — עס מאַכט נישט אויס וואָס דאָס וואָרט זאל נישט באַדייטען. עס איז נישט קיין טעאַטערשטיק, נאָר אַ דראַמאַטישע רעוואָלוציע. אַ אַמאַר־נעדאַן. סעדאַן. אָסטערליץ. יענאַ. סאַן־זשואַן הילל. געטיסבורג. מאַרן. עס איז א פאַטש אין פנים דעם אידישען טעאַטער, זיינע גראָביונגישע דירעקטאָרען, אַנטעפרענאָרען, אַקטיאָרען, רעזשיסאָרען, מוזיקער און דעם נאַרישען עולם וואָס סובסידירט דידאָזיגע דראַמאַטישע משוגעים־הייזער. דער נאָמען „שקלאַווען פון פאָלק" איז, פאַרשטעהט זיך, בלויז אַזא מ ש ל. דימאָוו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער גראַביונגישער טעאַטער־דירעקטאָר וואָס וויל א פ ל ע י מיט ציניזם, אָדער צ י ו נ י ז ם און ביי וועמען די ווערט פון א טעאַטערשטיק ווערט געוואויגען לויט דער מאָס פון רענדלאך, וואָס ווערען אריינגערענדעלט אין זיין טאַש, און וועלכער איז גרייט צו שטעלען א פ י ל ו ליטעראַטור, אבי עס זאָל ברענגען געלד — אַזא איינער איז נישט קיין שקלאַוו פון פאָלק. ער איז גיכער א שקלאַוו פון זיך אליין, פון זיין שלעכטער ערציהונג, פון זיין לויזען שכל, פון זיין צרה'דיגען באַגריף פון דעם קרעמעל וואָס רופט זיך טעאַטער. אפילו דער דראַמאַטורג איז

נישט קיין שקלאַוו פון פאָלק, — אינ׳ם הערצאָישען זין פון וואָרט. ער איז נישט מעהר א ש ק ל א ו ו פ ו ן פ אָ ל ק ווי דער ציפּרונג־קרעמער איז דער שקלאַוו פון זיינע קונדען, אָדער דער שוסטער דער שקלאַוו פון עטלי־כע טויזענד פּאָאר פיס. דער קינסטלער איז נישט קיין שקלאַוו פון קיינעם. א מענש מיט טאַלאַנט קען נישט א ר י י נ פ א ל ע ן אין דער קונסט אויף באשטעלונג, פונקט ווי ער קען נישט א ר ו י ס פ א ל ע ן פון דער קונסט בלויז דערפאר, וויי דער דירעקטאָר ו ו י ל אזוי. דער אמת איז, אז דער אידישער טעאטער־קייזער שטעהט בשום אופן נישט העכער פון זיין סטענדינג־רום־פאָלק, אָדער פאָליעק. אין בעסטען פאַל, שטעהט ער ג ל י י ך מיט איהם. די אורזאך פארוואס א געווים טעאטער אויף דער בויערי טוט אזוינע גוטע געשעפטען איז ווייל דער געשמאַק פון זיין דירעקטאר איז א גוטע מאָס פאר דעם געשמאַק פון דעם עולם וואָס פילט אָן זיין עמפּאָריום, דאריבער וועט איהר זעהן אז פלאכקעפיגע בחורים פון דעם סאָרט וואס ראזירען זיך דעם קארק ביז איבער די אויערען, און קראנקליך־סענטימענטאַלע מיידלאך, וואָס רעדען פון אייביגער ליעבע און טרוימען פון חתונה האָ־בען מיט איינעם וואָס שפּיעלט אויף א קלאַרנעט, ציהען זיך צו דעמדאָזיגען טעאטער, ווי הייליגע וואַנדרערער ציהען זיך קיין מעקא, רוים און ירושלים.

„שקלאַוועז פון פאלק“, איז א פּאַראָדיע אויף א פּאַראָדיע. עס איז א קאָמעדיע איבער דער נאַרישער קאָמעדיע, וואָס מ׳רופט אידיש טעאטער. עס איז די טעאטער־וועלט אין פלאמען. עס איז אלע פּראָטעסטען קעגען טעאטער, פאראייניגט אין 4 אקטען, און א קליין ביסעל אָבגעשוואכט, כדי דער מענעדזשער פון יענעם טעאטער זאָל עס וועלען קויפען. עס ווייזט אייך ווי געלד־גייציג עס זיינען אונזערע דראַמענקרעמער, די ראָ־זענדאָרפס! ווי נידעריג! זיי וועלען זיך גערן אוועק־לייגען אויפ׳ן טיש און זיך לאָזען אפשמייסען פון ג ע ־

פּאַקטע הייזער, אבי עס זאָל זיין א סוקסעס. פאַר א סוקסעס וועט אייך א טעאטער מענעדזשער אוועקגעבען דאָס הייליגסטע וואס ער פאַרמאָגט — זיין באַנקביכעל. צוליעב א סוקסעס וועט ער פאַר־וואנדלען זיין טעמפּעל אין א — שטאַל, אָדער אין א שוויצבאָד. צוליעב א סוקסעס וועט ער שפּרינ־גען אין מקוה, זיך אנטון אין האמלעט'ס פּלודערען, אין מיטען דער וואך, שפּיעלען ווירגיניוס, זיך שטעלען אויף אן אויער, קרעהען ווי א האָהן, לאַכען ווי אן אייזעל, רע־דען ווי א „זשענטעלמאן פון בונעס אירעס" — אבי דאָס הייליגע קעסטעלע זאָל זאָגען אמן.

אין „שקלאַווען פון פאלק" האָט יאקאָב פּ. אדלער באוויזען אז ער איז אן אמת'ער קינסטלער, מיט א גע־זונטען חוש פאַר דאָס שעהנע און דאָס עכטע. זעהר ווענינ שוישפּיעלער אין ניו יאָרק וואָלטען געווען מוטיג גענוג אויפצופיהרען אזא פּיעסע, אפילו ווען דער מענעדזשער וואָלט איינגעגאנגען דאַרויף. טעמפּע מענשען שרעקען זיך געוועהנליך פאַר יעדער סאטירישער אנשפּילונג וואָס ווערט געמאכט אויף זייער חשבון. א אידישער אַקטיאָר קען פאַרטראָגען די ערגסטע און דופּטענדסטע וויצען וועגען אַלצדינג, אָבער די איידעלסטע סאטירע אויף א שוישפּיעלער רעגט איהם אויף. די מינדסטע אָנ־שפּילונג אויף זיין טאַלאַנט ברענגט איהם אריין אין א דעליריום־טרעמענס, אין אן עפּילעפּסיע פון זידעלווער־טער. דער קלאַסישער נאַר וויל נישט ארויסגעהן פון באָד, און ער שטעלט זיך קריגען און שרייען, אז ער איז נישט קיין נאַר.

איך קען, למשל, א אידישען שפּיעלער וואָס האָט זיך באַליידיגט דערפאַר, וואָס איך האָב איהם געזאָגט, אז ער שפּיעלט סופּערב — ער האָט נישט געוואוסט דעם טייטש פון'ם וואָרט.

ה' יאקאָב פּ. אדלער און זיינע מיטשפּילער — זאַמץ, שעהנגאָלד, פראַנציס אדלער, יוליא אדלער, מאדאם

אפּעל, שאכט, קאהן, מייזעל, טענענהאָלץ — אַלע פאַר־דינען וועגעלעך מיט באַנבאַנעס, גאָלדענע זייגערלעך, דערפאַר וואס זיי האָבן געהאַט דעם מוט אויפצושליסן דעם סאַנקטום פון דער פּראָפעסיע, און ווייזן, אַז איינ־וועניג איז ניטאָ מער ווי שימעל, שפּינוועבס, עגיפּ־טישע קרעץ, לויפּרויזן, און באַשעפטיגטע מייז. די גאַנ־צע „הינטער־קוליסן מיסטעריע", וואָס רייצט אזוי די ראָמאַנטישע יונגע לייט און איז גורם, אַז זיי זאָלן שטעהן לעבען דער טיהר פון דער ביהנע און וואַרטען צו כאַפּען אַ קוק אויף דער פּרימאַדאָנאַ, אָדער אויף דעם פּרימאַסעניאָר — די דאָזיגע מיסטעריע איז מיט אַמאָל ענטצויבערט געוואָרען, און זי שטעהט איצט נאַקעט און גרוי און מיט אַ רויטער נאָז — אויף די ברעטער פון גרענד טעאַטער.

# „ווער איז דער טאַטע?“

אויטאָר: שלום אַש.
דורכמשפּילער: יאַקאָב פּ. אַדלער.
טעאַטער: אַדלער'ס גרענד.

ס'רוב פּיעסען אין אידישען טעאַטער זענען מ י ט א מ אָ ר א ל. די מאָראל איז: געהט נישט צו די דאָזיגע פּיעסען!

אַש'ס פּיעסע האָט נישט קיין שום מאָראל. זי איז אַזוי ריין פון יעדען מוסר־השכל, ווי א זונאויפגאַנג אין ניקערבאָקער עוועניו, ווי דער פּייף פון א יונגען, אַמ־ביציעזען לאָקאָמאָטיף. ווי דאָס פאַרשווינדען פון א וואָלקענפערד הינטער מנחם'ס ליעדער.

„ווער איז דער טאַטע?“ (דער אמת'ער נאָמען פונ'ם שטיק איז „דער בונד פון די שוואַכע“ און איז געשפּיעלט געוואָרען אונטער דעמדאָזיגען נאָמען אין ריינהארד'ס טעאַטער אין בערלין) איז א פּיעסע, וואָס לויפט נישט אַרוים אַלע ווייל מיט פאַרשידענע תירוצים, ווי דאָס קלינגען פון א טעלעפאָן, דאָס צוגעברענטע טעפּעל, און אַזוי ווייטער. עס איז א פּיעסע, וואָס איז אַזוי פאַרנומען מיט זיך זעלבסט, אַז זי האָט אפילו נישט קיין צייט צו עסען און זי מוז זיך באַגניגען מיט טרינקען טיי.

„ו ו ע ר א י ז ד ע ר ט א ט ע?“ איז אַן אויסדרוק פון אַש'ס פּערזענליכקייט. עס איז שלום אַש. עס איז דער פלינקסטער, אוממיטעלבאַרסטער זשעסט פון אַש'ס קינסטלערישער האַנט — נישט געוואוינען, נישט

אויסגערעכנט, דאריבער אזוי עכט, אזוי עהרליך, אזוי נאקעט.

אין „ווער איז דער טאטע?" האט שלום אש אפגעבונדען אלע זיינע סים־און־אנטיפאטיען פון דער גאלדענער קייט, וואס הייסט „סטיל" און זיי געלאזען געהן אזוי ווייט ווי זיי ווילען — אויף זייער אייגענער אחריות. עס איז דאס אויפריכטיגע שטאמלען פון א מענש, וואס האט אין אן אנפאל פון עהרליכקייט פארגעסען צו ריידען שעהן און יום־טוב'דיג און געפערעלט.

„ווער איז דער טאטע?" הויבט זיך אן דערמיט, וואס הערש לייב דער בעל־עגלה איז אהיימגעקומען אויף פסח צו זיין ווייב. די לעצטע איז פון איהם פארפרעמדט געווארען צוליעב דעם שטאטישען ר א ז י ר ע ר, וועלכער איז געגוג פוילענצער און בראנפענטרינקער צו זיין א גרויסער קינסטלער — ווען ער זאל נאר ז י י ן. דער געמליכער א ר ט י ס ט א איז טעאטראליש פארבענקט נאך דער אומשטערבליכקייט — ווי מיר אלע, מיינע ליעבע קאלעגען. ער איז אונזער שוואכער מאמענט, אונזער נארישער שפיגעל. ער פארלאזט ווייב־און־קינדער צוליעב ליעבע, צוליעב פריהלינג, צוליעב אטמאספערע. עס עקעלט איהם פון די קליינשטעטעלדיגע מענשען, וועלכע ער מוז רייבען א מארדע (איך האב דורכגעלעבט ס'זעלבע געפיהל זינט כ'האב גענומען שרייבען מיינע טעאטערייען). ער טרוימט, אז ער וועט ווערען א גרויסער ארטיסט, און דערווייל שפיעלט ער א ליעבע מיט הערש־לייב'ס שעהן ווייבעל — מאדאם ראזא.

ראזא־ראזירען? ראזירען־ראזא? — דאס איז די פראגע פון וועלכער ער קען זיך נישט ארויספלאנטען. זיינע ראזארייען בלייבען נישט סוב־ראזא. נאר פ א ר ק ע ר ט. הערש לייב דערוואוסט זיך דערפון, אבער ער פראטעסטירט זעהר ווייניג. ער בעט זיך נאר מיט גוטען, אז זיין געזעצליך ווייב זאל איהם לאזען איבערנעכטיגען. און אז סע העלפט נישט, בעט ער ביי דעם

ארטיסט, אז יענער זאָל פאר איהם ג ו ט ־ ז אָ ג ע ן. און ווען הערש לייב איז שוין פאר'שיכור'ט און צערייצט, ווארפט מען איהם אריין אונטען אינ'ם קעלער, וואו עס וואוינען דעם א ר ט י ס ט ' ס ווייב־און־קינדער. אין צווייטען אקט זעהן מיר הערש־לייבען אונטען אין קעלער אין איינעם מיט'ן ארטיסט'ס פרוי חנה'לע. עס איז ביינאכט. די קינדער שלאָפען. הערש־לייב רייצט זיך מיט דעם ארטיסט'ס פרוי, אז ד י י ן מ א ן א י ז א ו י ב ע ן ב י י מ י י ן װ ו י י ב און זי ענטפערט איהם, אז ד י י ן װ ו י י ב א י ז א ו י ב ע ן מ י ט מ י י ן מ א ן. עס הערט זיך א שיכור געלעכטער פון אויבען. הערש־לייב זאָגט: דאָס לאכען זיי פון דיר. חנה'לע זאָגט: דאָס לאכען זיי פון דיר. עס וועקען זיך אויף די קינדער. הערש־לייב, וועלכער איז א פּאָטערליכער מענש, האָט אין די טאשען אלערליי שפּיעלצייג פאר די קליינוואַרג. ער איז דער טעאָרעטישער פאָטער פון א סך נאָך־נישט־געבוירענע קינדער. ער איז ד ע ר װ ו ע מ ע ן ד י ק י נ ד ע ר ה אָ ־ ב ע ן ל י ע ב — דער סימבאָלישער „פּיטער־פּאַן", וועמען די קינדער לויפען נאָך. זיי דערוואכען און גערען ארום איהם א טאנץ און שלעפּען די מוטער נענטער צו איהם. צום סוף באשליסט הערש־לייב צו נעמען חנה'לען מיט די קינדער און מיט זיי אוועקגעהן. עס הויבט אָן טאָגען. עס פייפט דאָס ארימטע בלעבענע יוניאָן־קאנאריקעל. אין אן ענגער, צוגעטוליעטער גרופּע שטעהט דאָס ארימע געזינדעל פון דער קעלער־שטוב, און הערש־לייב — דער שטארקער, דער מעכטיגער, דער שוואכער, דער פארלוירענער שפּרייט איבער זיי אויס זיינע מאכטיגע אָדלער־פליגעל. עס קומט דער א ר ־ ט י ס ט און מאכט טעאטראלישע שטיק. ער דעקלאַמירט א גרויסען מאָנאָלאָג וועגען פּאָטערליעבע, אָבער זיי הערן איהם נישט און לאָזען זיך צו דער טיר און ווי־

לען ארײַנלאָזען דעם דרויסען. אָבער דאָ מישט זיך אַרײַן דער הערר פּאָרהאַנגפּאַלט און — לאָזט נישט.

אין דריטען אקט, וואוינט הערש־לײַב מיט חנה׳לען און מיט איהרע קינדער. אָבער דאָס שטעטעל האָט זיך שוין דערוואוסט פון דער גרויסער עבירה און מ׳שיקט איהם א שאַלאַטען־שמש ער זאָל ארויסטרייבען חנה׳לען. עס קומט דער רב און טענה׳ט צו איהם אין נאָמען פון די קליינע קינדער וואָס שטארבען, אָבער הערש־לײַב ענטפערט אויף דעם, אז זי איז א כשר ווייבעל. צום סוף קומט ראָזא מיט איהר פאָטער און מיט דעם ארטיסט. די שעהנע ראָזא טעדאבארעט, קאָקעטירט און וויל זיך איבערבעטען. דער פּרימיטיווער הערש־לײַב באשליסט פונדעסטוועגען צו גט׳ן זײַן געזעצליך ווייב און לעבען מיט חנה׳לען. אז ער דערוואוסט זיך, אז לויט׳ן אידישען דין טאָר ער מיט חנה׳לען בשום אופן נישט וואוינען, ווײַל זי איז אן אשת־איש און אז זי (חנה׳לע) טאָר נישט מעהר וואוינען מיט איהר פריהעריגען מאַן, כאָטש ער אליין (הערש־לײַב) מעג וואוינען מיט זײַן פריהעריג ווייב, דערפאר ווײַל ער איז א מאנס־ביל און איהם ווערט גאָט מוחל זײַן. דעמאָלט פלאקערט אין איהם אויף דער כעס, ער דערשטיקט זי און דאן קומען זיי ביידע ארויס און פארנייגען זיך פאר׳ן פּובליקום.

שלום אש איז בטבע א גוטער מענש און ער וואָלט אפשר נישט געענדיגט זײַן שטיק אזוי טעאטראַליש, ווען — ער זאָל קענען ענדיגען אָהן אן ענדע. אָבער אזוי ווי יעדער זאך מוז זיך ענדיגען מיט א סוף, און אזוי ווי דער נאַטירליכסטער, גרינגסטער, אויס־געפּריפּסטער סוף פון אלע זאכען איז דער טויט, ערגאָ —

אין „ווער איז דער טאַטע?“ טוט שלום אש נישט אראָפּנידערען צו זײַנע העלדען, ווי עס טוען די מאָ־

דערנע דראמאטורגען. ער לאָזט זיך נישט אראָפּ פאר זיינע געשטאלטען אויף דער קניע און ער שטעהט נישט פאר זיי אין בלויזע ציטערניש — ווי זיי וואָלטען געווען זיינע הערשענדע שקלאפען.

אש נעמט זיין וואָכעדיגען העלד, זעצט איהם ארויף אויף א פערד, טוט איהם אָן א פארביגען גארטעל, וועלכער פלאטערט אין ווינט, דעקט איהם צו ס'פּנים מיט עפּעס א האלב־סימבאָלישער מאסקע, און ער רייט מיט איהם וואלד־איין, וואלד־אוים, ביז וואנעט די שאָטענס פאלען אזוי געדיכט, אז מען ווייסט נישט מעהר ווער ס'איז דער העלד און ווער ס'איז אש.

„ווער איז דער טאטע?“ איז א פארשלאָסענע, וואַרימע, אביסעל אָנגערויכערטע שטוב, אָהן א דרויסען. זיצט איהר דאָ, הערט איהר זיך צו צו דער געשיכטע, וואָס ווערט דערצעהלט מיט אזא נישט־געקינסטעלטען טאָן, און פיהלט זיך א גליקליכער און אָפּגעזונדערטער. א שמעקעדיגע ליולקע, א גלאָז גוטען פּונש, א וואַרימע האנט און איהר זיצט האלב־אָנגעלעהנט און איהר הערט—מעהר מיט'ן הארץ ווי מיט'ן אויער — עפּעס א טרויריגע געשיכטע, וואָס טוט אייך נישט שטארק וועה, ווייל איהר זעהט דאָס ליעבע, שמייכעלדיגע פּנים פון דעם דערצעהלער.

# "NJU"

אוטאָר : אָסיפּ דימאָוו.
טעאַטער : בענדבאָקס.
דעקאָראַציעס : אָרדינסקי־אורבאַן.

„דהי בענדבאקס" איז א קליין טהעאטערעל און זעהר אינטים. אין פראָנט פון דער ביהנע — דאָרט וואו עס זיצען געוועהנליך די מוזיקמאַכער — א מין טעפּיך מיט קליינרויטע בלומען. אזוי ווארים. אזוי היימיש. סע דאכט זיך דיר אוים : אָט וועט זיך פאנאנדערטיילען דער רויטבלאָהער, נישט געשמאַקער פאָרהאנג, וועסטו צוגעהן צו דער ביהנע און א פרעג־טון ביי די שוישפּיעלער : וואָס מאכען זיי עפּעס? און וואָס האָט מען זיי נישט געזעהען אזא לאַנגע צייט? און די באזוכער זיינען אויך אזעלכע וואָס קאָנען איינס ס'אנדערע : עס איז א פאמיליען־טהעאטער אין דעם זעלבען זין וואָס א גרויסער ביפשטעיק, איז א פאמיליען־שטעיק, און דו ערוואַרטסט הינטער דיר אזעלכע פראגען ווי : „וואו איז היינט פעשע? עפּעס זעהט מען נישט לייזער'ן?" און אז דו זאפּסט אריין מיט'ן אויג ס'גאנצע טהעאטערעל, מיט די 250 בענקלעך. ווייסטו נישט, ווי אזוי אזא קליין טהעאטערעל קען אויסהאלטען א שטיק פון דריי־פיער אקטען. עס דוכט זיך דיר אז מעהר ווי צוויי אקטען וועלען נישט אריין אהערצו, אפילו ווען מען זאָל זיי אריינקוועטשען מיט א קניע און צומאכען די טהיר. דערנאָכדעם נעמסטו ס'פּראָגראם אין האנט אריין,

זעהסטו: „ניו, א שטיק אין צעהן עפּיזאָדען" — לאַכ־סטו ס'גרעסטע געלעכטער: און דו מיינסט אז דו האָסט דאָ צו טון מיט א וויצבלעטעל. ווערסטו פאראינטערע־סירט און דו ליינסט אין דעם זעלבען פּראָגראם אן אר־טיקעל פון פייער קאָמיסאר אדאמסאָן, אין וועלכען ער שרייבט: אין פאל פון א פייער, לויפט נישט צו דער טהיר נאָר געהט פאמעליכען. וואָס איז די איילעניש? (אונטערשריפט.)

דערנאָכדעם צעשארען זיך די פאָרהאנגען און דו זעהסט „ניו" — איינע האָט געהייסען „ניו„ אָדער „ניורא". א ליעב באשעפעניש, פון נישט קיין אנדערען געשלעכט ווי דאָס ווייבליכע, און זי איז יונג און נאאיוו און ליעבעס־דורשטיג, און פארהייראט צו א מאנסביל. און דאָס איז א טראגעדיע. פארליעבט זי זיך אין א וויטען — א שריפטשטעלער, וועלכער איז נאָך מעהר מאנסביל ווי דער ערשטער, און דאָס אייבביג־מאנס־בילשע איז ביי איהם ענטוויקעלט ביז צו פּאָעזיע. און „ניו", וועלכע האָט פארלאָזען איהר מאן מיט'ן קינד, צוליעב דעם דיכטער וואָס שרייבט ווערק, אויף פארבי־גע פאפיר־סטענגעס, און רעדט מעהר־ווענעיגער בער־נארדשאָ'איש — דיזעלבע „ניו" וועלכע האָט זיך אזוי קאפריזנע איינגעשפּארט אין איהר ליעבע צום קינסטלער, ווערט ביסלעכווייז מיעד, מיעד, מיעדער, זעהר מיעד. דעם דיכטערס פראזען ווארימען נישט מעהר. זענען פאר איהר צו דורכזיכטיג געוואָרען. עס איז א כשוף־קרישטאָל דורך וועלכען זי זעהט ס'מיסט, אויף וועלכען עס האָבען אויפגעבליהט די אימאָרטעלען פון איהר לעבען, און „ניו" פארשווינדט פונ'ם לעבען שטיל און נישט לויפענדיג — ווי דער פייער קאָמיסאר ראָט אין זיין נאָטיץ אויפ'ן פּראָגראם. און דערנאָכדעם זעהסטו ס'ליידיגע צימער פון דעם ליעבען באשעפעניש וואָס האָט געהייסען „ניו" — און עס טוט דיר אזוי באנג, אזוי באנג. אויף איהר און

אויף איהר מאן און אפילו אויף דעם געליעבטען, און די הויבסט אן פארשטעהן די טיעפקייט פון דער פראזע: „נישט לויפען אין א פאל פון פייער". די דאזיגע ווער־טער, טראכסטו, האט טאקע נאר געקאנט זאגען ענטוועד־דער א גרויסער פילאזאף, אדער א פייער־קאמישאנער.

„ניו" איז נישט קיין דראמא, פון וועלכער עס שוויצט דאס אויג און — דאס איז דאך באקאנט — אז דארט וואו ס'אויג ווערט נאס ווערט טרוקען דער קאפ. עס איז א דאנק גאט נישט קיין שפיעלבארע דראמא. און די גרעסטע טייל פון דעם וואס ווערט געשפיעלט, קומט פאר הינטער די קוליסען. דער אויטאר נעמט זיך די גרעסטע מיה אנצוהויבען די האנדלונג א ז ו י וו י י ט ווי מעגליך. עס איז די בעסט־געשטראכענע פיעסע וואס מיר האבען ווען־עס־איז גע־זעהן!

מיר האבען אמאל געזאגט אז די אינטערעסאנטסטע מאמענטען אין אידישע טהעאטער־שטיקער זענען די צווישען־אקטען און מיר האבען געפרעגט, פאר וואס עס געפינט זיך נישט עמיצער וואס זאל דראַ־מאטיזירען די אנטראקטען? מיר האבען עס נאטירליך געזאגט אלס וויץ. אבער דימאוו'ס „ניו" האט באוויזען אז ס'איז גאר קיין וויץ נישט, און אז מען קאן פארדראמאטיזירען די אנטראקטען, און עס זאל זיין פיעל פיינער און אינטערעסאנטער ווי די אקטען אליין.

האב איך שוין געזאגט? — „ניו" באשטעהט פון צעהן עפיזאדען, פון צעהן אנטראקטען, פון צעהן פעלי־טאניסטיש־פילאזאפישע נאטיצען — אויב איהר ווילט. עס זענען קלייניגקייטען, הויזליכקייטען, שמועסען, פראַ־זען, רעפארטוי, בערנארדשאאיזם, דאס אל־מענשליכע, דאס פאטאלע, דאס לעכערליכע, דאס טראגישע — אלץ ווערט דורכגעצויגען אין א באוועגליך בילד פאר אייערע אויגען, אין גוט־אראנזשירטע גרופען, אנגעווארעמט פון

א מענשליכען אָטעם, און פֿאַרשאַטענט דורך אַלערליי ווינקלען, און האַלב־טיעפֿענישען. די פּיעסע איז נישט געשריבען — נאָר ר ע ז ש י ס י ר ט, אויסגעשטעלט, סצענירט. איהר פֿיהלט ווי דער אויטאָר ז ע ה ט אַלצדינג אַזוי זיכער און די פּאָזען זענען אַזוי איבערציי־גענד, אַז די ווערטער קומען אָהן מיה, אָהן אָנשטרענגונג. מיט אַ שאַרף מעסער שניידט דימאָוו אויס פֿון לעבען די קלענסטע קליינינקייטען—אַ בילד ווי אַ קינד רעדט דורכ'ן טעלעפֿאָן, ווי אַ מענש, אין טאָג פֿון זיין פֿרוי'ס טויט, ווערט געריהרט פֿון אַ שטיקעל זייף און צעוויינט זיך דעריבער, בשעת איבער דעם פֿאַקט אליין אַז זי איז טויט האָט ער נישט קיין טרערען, אַ סצענע ווי אַזוי דער מאַן און דער געליעבטער פֿאַרבייטען זיך מיט די בלומען וואָס דאַרפֿען געלעגט ווערען אויף איהר קבר, און ווי מ'דינגט זיך מיט דעם יונג וואָס ברענגט די בלומען וועגען צוויי רובעל. אָט די אַלע קליינינקייטען ציהט דימאָוו פֿאָרזיכטיג אַרויף אויף אַ שניר, ווי קליינע פּאַרביגע פּערעל, און ס'ווערט דערפֿון אַ שפּיעל פֿון דעם טאָג־טעגליכען „רוסישען לעבען“ — וועלכעס איז אַזוי פּיעל רוסיש, וויפּיעל די אַמעריקאַנישע אויסשפּראַך פֿון דעם וואָרט „מאָסיו“ איז פֿראַנצויזיש. אויף אַזויפּיעל טאָג־טעגליך — וויפּיעל מאַמ'ז שאַמפּאַניער איז דער טעגליכער טרונק פֿון אַ אידישען שניידער.

ניין, „ניו“ איז נישט קיין דראַמאַטישע טאָגטעגליכ־קייט. „ניו“ איז אַ טראַגעדיע דע־לוקס. אַ סאַלאָן־טראַ־געדיע פֿון אַ פֿרוי וואָס שלאָפֿט אויף אַ סאַמעט־באַרג פֿון רויטע קישענס, באָדט זיך אין אַ טייך פֿון פֿליסיגע דימענטען און חלום'ט שערהעזאַדע חלומות. „ניו“ האָט ליעב איהר מאַן און אויך איהר געליעבטען, אָבער מעהר פֿון אַלץ האָט זי ליעב די ל י ע ב ע. אָהן וועלכער זי קאָן נישט לעבען.

„ניו“ האָט אַ חוץ די גוטע זאַכען אויך אַ יתום'על וואָס זאָגט קדיש מיט די אויגען. דער „ניו'ס באָי“, —

אָדער דער זוהן פון „ניו", וועלכער קומט אַריינצולויפען אין סאמע רעכטען מאָמענט, ווען מען שיסט און ער שרייט: פּאהפּהא. די גאנצע סצענע מיט דער שי־סעריי — צווישען מאן און געליעבטען — איז געמאכט פון זיידען שפּינוועבס, באַפארבט מיט א זונענאויפגאַנג אויף אויסצאָהלען.

דערפאר ווערט דאָס קינד ש פּ ע ט ע ר צ ו זעהה אינטערעסאַנט און ליעב. (ווי גוט ער קאָן די קינדער, דימאָוו, ער האָט זיי ליעב ד ו י ע ר ה י י ד!) און מאנכע פון דעם קינד'ס מאָמענטען — ווי דאמאָלט ווען די דיענסט לעגט איהם שלאָפען, און בעת ער קומט אריין אין טויטענצימער — זענען אפשר די פארביגסטע אין דער גאנצער פּיעסע.

— — — — — — — — — — — — — — —

ארויסגעהענדיג פון טהעאַטער האָב איך געהערט ווי איין דאמע האָט געזאָגט צו א צווייטער: „איט'ס ע גוד פּלעי באָט איט איז ט ו ה נ י ו!" און איך האָב פאר־שטאנען פאר וואָס די אמעריקאנישע קריטיקער, וועלכע באַגייסטערען זיך פאר יעדען אַלטווארג, האָבען אָט־די פּיעסע אויפגענומען אזוי קאַלט, אזוי סיבירי־ש.

# „אייביגע זינד“

טעאטער: פיפעלס.

אוטאר: וויליאם סיגעל.

מוהטער מיינע. איך האב גארנישט געוואוסט, אז דו ביזט מיין מוהטער. פאהטער, ווארום האסטו מיר גארנישט געזאגט וועגען מיין ליעבער מאמעניע? א, גוטע מענשען, קומט ארײן און הערט!!!!!! (פינף אין צאהל).

דאס דאזיגע איז א טייל פון א שלום־פארהאנג אין דעם שטיק „אייביגע זינד“. די „אייביגע זינד“ איז נישט געשריבען, נאר פ א ר פ א ס ט — מיט'ן אק־צענט אויפ'ן ליידיגען „פאס“. דער פארפאסער וויליאם־שעקספיער־סיגעל האט דא געטון פארפאסען א פאר־פאסונג. זיין דיקטום: וואס ערגער אלץ בעסער. זיין מאטא (גענומען פון מיר): יעדער טעאטער שטיק קאן האבען אן ערפאלג אין אידישען טעאטער — אויב מ'שפיעלט עס נאר ש ל ע כ ט און מ'סצענירט עס א ב ש י י ל י ך.

אין לעצטען האט זיך דער פארפאסער אביסעל אפ־גענארט. די סצענירונג איז נישט שלעכט. און דאס שפיעלען? אט אזוי, שטעל איך מיר פאר, שפיעלען די בארמהארציגע מלאכים, בעת זיי קריגען א באפעל ארויסצושלעפען פון די באהאלטענע הימעל־קאמערען זעק מיט דיפטעריע — פאר די יונגע קינדער וועגען. זיי קרעכצען און שלעפען די זעק, זיי פארגיסען הימלישע

טרערן, און זיי גיבען פונדעסטוועגען אכטונג, אז א ברעקעל דיפטעריע זאָל נישט פארלוירען־ווערען. די דיפטעריע — דאָס איז דער טעקסט. די ווייספליגעל־דיגע מלאכים — דאָס זענען די שוישפּיעלער פון פּיפּעלס טעאַטער. וואָס קענען זיך נעבעך העלפען די אָרימע שירה־זינגער און לכה־דודי־טענצער? נישט ביי זיי איז די מאכט צו זאָגען: גאָטהייט, דו געפעלסט מיר נישט! קאַסעקעסטעל, איך גלויב נישט אין דיין כישוף־כח! עס איז א פארפאסונג, מיינע ליעבע. עס איז דאָס גע־זעץ פון דער הינטערקוליסען־נאַטור און פון דעם טייוועל סעינט־סענטוס. קאָן מען די פאָרמולע: מען נעמט אַן עסלעפעל מאדאם־עקס, און מען מאדאמעקסלאקסירט — מיט ענטשולדיגונג — מיט דראמא, מיט קאָמעדיע, מיט טראגיזם. דער אופן: א דאָקטאָר אָהן א ווייב. צעריי־סענע זעעלען, מיט צוויי „עע", ווי ביי א לעמעלע. א טאָכטער, וואָס האלט זיך ביים אונגליקליכהען פאהטער אין שטוב און ער ווייסט נישט. די מוהטער ווייסט אויך נישט. ביז צום סוף, ווען דער ברידער הייראַט מיט דער שוועסטער און פליצים! אָך, זעה! עס הויבט זיך אָן אויספּרעסען — שניידעריש גערעדט. עס הויבען זיך אָן אריינגעהען די אחבעל פון די צעריסענע זעעלען — טאָפּעל־ע, ווי אין „מע־ע". עס לויטערט זיך דער „בי־טערער בעכער, צוליעב וועלכען מען איז מיט'ן לעבען נישט זעכער" (הער דאָס ליעד! האָרך דאָס געזאנג!) און סע ווערט אָלרייט טאקי „האקי־פּאקי" (פּארנעם די טרערן פון די צוויי זינג־פייגעל: מאדאם טאָביאס און הערר שעהנגאָלד!) און אלצדינג ענדיגט זיך בכי טוב, ווערי גוד. נאָן פּלוס אולטרא. א חוץ וואָס די מוטער שטארבט א קאפּעטשקע אוועקעט. אוועקגעשטאָרבען, אוועקגעשטאָרבען א פולע פוהר מיט ווייבער. זיי גראַ־גערען, זיי גראגערען — א בראָך צו זייערע לייבער. (ענטשולדיגט די גראָבע רייד פונ'ם פאָלקס־ליעד!).

דאָס איז טראגיזם. מאסיוו, נישט וואהר? און ווי

ווערען מיר, אוממענש, קריטיקער, געריררט פון איהרע ליידעהן. זי ליידעהט, ווייל ער, דער העלד, האט זי נישט פארשטאנען. ער האט געמיינט, אז געלד, רייכ־טום, ציערונג איז אלעס. אבער זי — ווהעה! זי האט געשמאכטעט נאך ריינער ליעבע, נאך צערטליכקייט, נאך אביסעלעה גליק! און זי האט געוואלט געניסען פון דעה ליעב־עה. א. א. וו.

# אנגליציזמען

## א

איינגעטריועט — — — — — — איינגעאיבט, צוגעוואוינט

איסט־סייד — — — — מזרח־זייט, דער אידישער קווארטאל

אויל־קענדעל — — — — — — עהל־בלעכעל, עהל־שפריצער

אַקשען — — — — — — — — — — — — ליציטאציע

אדווערטייזמענט, אדווערטייזט — — רעקלאם, רעקלאמירט

אָרדערען — — — — — — — — — — — באַשטעלען

אייז־באקס — — — — — — — — — — אייז־קאסטען

אַלבעטשע (אי וויל בעט יו) — — איך וועט זיך מיט אייך

אויפגעפיקסט — — — — — איינגעאָרדענט, צורעכטגעמאַכט

אפּטאון — — — — — — — — אויבערשטער שטאָט־טייל

ארטיקעלס — — — — — — — — — — ארטיקלען

אינדיווידזשום (פארגרייזט פון אינדיווידיאום) — — יחיד

איצע נאָף ( („איט איז ענאָף") — — — ס'איז גענוג

ארומצומופּען — ארויסצוציהען פון איין אָרט צום אנדערן

איידזשענט — — — — — — — — — — — — אַגענט

איי'ל טעל יו — — — — — — — — — איך וועל דיר זאָגען

אויסגעפּאָרנישט — — — — — — — — אויסגעמעבלירט

אָווערטיים — — אויבערציים (אז מ'ארבייט מעהר ווי די געוועהנליכע שטונדען)

## ב

באָדערען — — — — — — — — — — עסק'ן, נודיען

באקסעל — — — — — — — — — — — א קעסטעל

באָסטען — — — — — — — — — פלאצען, אָנזעצען

באָטאָנהאָלמייקער — — איינער וואָס מאכט קנאָפּ־לעכלעך

בראָקערס — — — — — גרויס־אגענטען, אקציען־אגענטען

באָרדיפעל (באָארד און העלטה) — — געזונדהייטס־קאָמיסיע

ביזי — — — — — באשעפטיגט, פארנומען, א געלאָף

בארבער — — — — — — — — — פאריקמאכער, ראזירער

באָיטשיקעס — — — — — — — — — — איינגלעך

באָרדענס (מילך) — באָרדען, א באקענטע מילך־פירמע אין ניו יאָרק

באָטעל — — — — — — — — — — — — — פלעשעל

ביקאָז — — — — — — — — — — — — מחמת, ווייל

בייבי — — — — — — — — — — — עופה'לע, א פיצעל קינד

בלעקדזשעק — א שטיק אייזען מיט וועלכען רויבער דערשלאָגען א מענשען

באָלאָט־באָקסעס — — — — — — — — — שטים־קעסטלעך

בעדזשעס — — לאָץ־באציהרונג מיט אן עמבלעם פון א פארטיי אָדער פאראיין

בלאָף — — — — — — — — — — ליגען, שאַכער־מאַכער

בארגיין — — — — — — — — — — — — מציאה

ביזנעס — — — — — — — — — — — געשעפט
בעהייווט זיך — — — — — — פיהרט זיך אויף לייטיש

## ג

גוד־באי — — — — — — — — — — — — אדיע
גלייכען — — ליעב האבען (אין ניו יארקער גאסען־אידיש)
גודיווניעק — — — — ((גוד איווינינג) גוטנאווענד
גימידימאני (גיוו מי די מאני) — — — גיב מיר ס'געלט
גודנאיטאל (גוד נאיש אלל) — — א גוטע נאכט אלעמען
גראסעריםאן — — — — — — — שפייז־געוועלבניק

## ד

דזשאב — — — — — — — — — — — א שטעלע
דזשעניטאר — — — — — — — — — — הויז־אויפפאסער
דאטסראיט (דהעט איז רייט) — — — דאס איז ריכטיג
דעליווערט די גודס — געליפערט די סחורה (נישט אפגע־נארט)
דאנט באדער מי — — — — — — — גודיעט מיך נישט
דראגעססאן (דראגס־מען) — — — — — אפטייקער
(א)דעפאזיט — די סומע געלט, וואס מ'לעגט אין א באנק. אנ'אויפדערויף
דו מי סאמטהינג — — — — — — — — טו מיר עפעס
דעליקאטעסען — — וואורשט־ווארג, געריכערטע פליישען
דאנטשע בעליוויט (דאנ'ט יו בעליוו איט) — גלויבט עס נישט

## ה

האט־טשאקאלאד — — — — — — — הייסע שאקאלאדע
האלסייל־גראסערי — — — — — — אנגרא־שפייז־געשעפט
הוזדע (הו איז דער) — — — — — — — ווער איז דארט
האריאפ — — — — — — — — — — — איול דיך צו
האל־לאט — — — — — — — — — — א סך, א שלל
הערעדיטי — — ארבשאפט, א טבע וואס געהט איבער בירושה

## וו

ווערל — — — — — — — — — — — — נו יא, נע
וועיטער — — — — — — — — — — — — קעלנער
וואטשען — — — — — — — — — — — — היטען
וועסט־סייד — — — — — — — — — — מערב־זייט
ווהאדידזשיוויש (ווהאט דיד יו וויש) — וואס האט איהר עפעס געוואלט
וואוטען — — — — — — — — — — — — שטימען
ווהטיהעל איט'ס נא יוז קיקינג (אין וואולגארען ענגליש) — וואס וועט העלפען ס'בריקען זיך צום טייפעל.
ווהאטשוכיקאלים (ווהאט יו מעי קאלל איט) — ווי איהר רופט עס דארט
ווהאט קען יו עקספעקט — — וואס קענט איהר ערווארטען

## ט

טהענק יו — — — — — — — — — — — א דאנק אייך
טאמיטאס — — טאמאטען, פאטליזשאנקעס אוגערקע־עפעל

טענעמענט־הויז — פּיעלשטאָקיג וואוין־הויז אין אָרימען טייל פון שטאָט
טרעקס — שינעס, רעלסען
טראָמבעניקעס (אין ניו יאָרקער גאַסען־אידיש) — פּוסטע־און פּאַסניקעס
טשאַריטיס — צדקה־אנשטאַלטען
טשיקען — הוהן
טענדערלאוין־סטעיק — אזא טייערער ביף־שטעק
טשוינ־קלאָזעט — זילבער שאַפּע
טריקס — קונצען, פּאָרטלען
טאָפּ־פלאָר — העכסטער שטאָק
טראָסטיס — באַגלויבטע
טרעזשורערס — די וואָס האָבען די אויפזיכט אויפ׳ן געלט פון א פאראיין
טראָבעל — אַ שטיקעל צרה, צרות

## ל

לעקטשור — לעקציע, פּאָרטראַג
לעקטשורער — לעקטאָר
לאונדרי — וועשעריי
לעמ־טשאָפּס — קאָטלעטען פון לעמעל־פלייש
לייברערי־סעט — א גארניטור מעבעל פאר אַ ביבליאָטעק־צימער
לעקטרי־טשער (עלעקטריק טשער) — עלעקטרישע שטול צו טויטען פארברעכער
לאָנטש־קעסטעל — אַ קעסטעל אין וועלכען אַן ארבייטער טראָגט מיטאָג
לידיעס־פינגער (דאמען־פינגער) — אזא געבעקס פאר קינדער

## מ

מאָלטעד מילך — געמאַלצטע מילך (אזא געטראַנק)
מעטשעס — שוועבעלעך
מאָטשאַבלאַידזשט (מאָטש אָבליידזשד) — זעהר דאנקבאר
מענטעל־פּיעס — קאַמין געזימס
מאָנקי ביזנעס — מאַלפּישע שטיק
מענעדזשער — פאַרוואַלטער
מאַנדזשעראָמביזנעס (מאַינד יור און ביזנעס) — פארנעמט זיך מיט אייערע אייגענע געשעפטען

## נ

נאָנסענס שבנאָנסענס — אונזין שבאונזין
נעווער מיין (נעווער מיינד) — זאָרג נישט, זאָג עס נישט, ס׳מאַכט נישט אויס
נאָ סער — ניין, מיין העררר

## ס

סטאָק (שעהרס) — אקציעס
סטאָרקע (סטאָר) — געוועלבעל (געוועלב)

סטאָרקיפּער — גערועלבניק
סטריט־קליינינג־דעפּארטמענט — גאסען־ריניגונג־דעפּארטאַ־
מענט
סוקסעס — ערפאָלג
סעמפּעלס — מוסטערן
סעלערי־טשאָניק — אזא מין וואסער־געטראנק
סעי — זאָג נאָר
סטייק — ביף־שטעק
סעט — א רומעל
סטיק — זיך האַלטען ביי... נישט אָפּטרעטען פון...
ספּעשעל פּאָליסמאַן — פּריוואט פּאָליציסט
סאַטיספעקשאָן — סאַטיספאַקציע
ספּעלט (טו ספּעל) — לעגט אוים (אויסלעגען)
סקידו (אין אמעריקאנישען גאסען־ענגליש) — אַנטלויף, טראָג זיך אָפּ
סעמעטערי — הייליג אָרט, בית עולם
סאָנעוואגאָן (סאָן אוו עי גאָן) — זוחן פון א ביקס, אזא זי־דעלוואָרט.
סטריקטלי ראיעל — שטרענג ראיעל
סייז — נומער
ספּעשעל־דעליווערים — ליפער־אויף־גיך־בריעף (אַ פּאָסט מע־טאָדע מיט עקסטרא פּאָרטאָ פאר שנעלען ליפערען)
סלעק — שוואַך, קנאַפּ (די צייט ווען ס'איז דאָ קנאַפּ ארבייט)

ע

עקספּיריענס — ערפאהרונג
עקספּענסעס — הוצאות

פּ

פּרטיקלע (פּארטיקולאר) — געניי, פּינקטליך
פּלענטי — גענוג
פּלאָמבער — איינער וואָס לעגט רעהרען פאר וואסער לייטונג
פּושקאָרט פּעדלער — א גאסענהענדלער מיט אַ שטופּוועגעלע
פּליין — פּראָסט
פּעני — א סענט, א גראָשען
פּראָפּאָזישאָן — פּראָפּאָזיציע פּאָרפלאָן
פּאליסי — פּראגראם, מעטאָדע
פּיטשער — קרוג
פּאסטראמע — אזא געריכערט פלייש
פּעטענט־מעדיצינס — פּאַטענטירטע מעדיצינען
פּאסטעלקארדס — פּאסטעלקארטלעך
פּיקעלס — איינגעזויערטס, איינגעזויערטע אוגערקעס
פּינאטס — ארבעס־ניס,
פּיקטשע — בילד
פּארלאָר־סעט — א גארניטור גאַסט־שטוב־מעבעל
פּייפּערס — צייטונגען
פּיק־פּאקעטס — קעשענע־גנבים
פּאָינטעלע (פּאינט) — א מאָס פאר פלוסיגע זאכען
פּעקעדזש — א פּעקעל

# אינהאלט:


**וועגען ביכער:**

די מענשליכע נאטור — 5
מענדעלע מוכר ספרים — 11
יהואש — 17
אברהם רייזען — 29
יוסף יפה — 41
חרוב'ע וועלטען — 49
יוסף ראלניק — 55
מנחם — 61
הערצאג ד'אברוצי — 65
מאני לייב — 71
פינף הונדערט יאהר אידישע פאעזיע — 84
וועלט איין, וועלט אויס — 90

**וועגען טעאטער:**

מלחמת כלות — 101
פאר איהרע קינדער — 105
העדא גאבלער — 110
דער גייסט פון שטאדט — 117
טיר נומער 3 — 122
דער אידישער גלויבען — 128
אפ־טאון און דאון־טאון — 134
די וועלט אין פלאמען — 139
„קארען" — 144
מאטקע גנב — 152
פארלוירענע יוגענד — 157
דער פרייז פון זינד — 162
מלחמה־מאמעס — 166
די שקלאפען פון פאלק — 170
„ווער איז דער טאטע"? — 174
"Nju" — 184
אייביגע זינד — 184


**אנגליציזמען.**